# געשיכטע

פון דער

# סאָציאַליסטישער בעװעגונג

ערשטער טייל

פון


דר. ק. פארנבערג


---

א קורס לעקציעס געגעבען אין דער

**אידישער פאָלקס־אוניװערזיטעט**

דורך קאָררעספאָנדענץ

---


הויפט פערקויף: ליטעראַרישער פערלאַג
256 איסט בראָדװײ
ניו יאָרק.

ערשטע לעקציע

# סאציאליזם און סאציאליסטישע בעוועגונג

(אן אלגעמיינער טהעארעטיש־היסטארישער איבערבליק).

---

סאציאליזם און סאציאליסטישע בעוועגונג זיינען צוויי פער־שיעדענע בעגריפען.

אונטער סאציאליזם פערשטעהען מיר א געוויסע געזעלשאפטליכע ארדנונג, אדער, נאך עפטער, טעאריעס, לעהרען וועגען א געוויסע געזעלשאפטליכע ארדנונג.

אונטער סאציאליסטישע בעוועגונג פארשטעהען מיר די שטרעבונגען און די טהעטיגקייטען פון א גע־וויסען קלאס, דעם פראלעטאריאט, איינצופיהרען אט די בעשטימ־טע געזעלשאפטליכע ארדנונג.

ווען מיר שרייבען די געשיכטע פון סאציאליזם האבען מיר צו טהון מיט איינצעל־פערזאנען, מיט דענקער, מיט שריפטשטע־לער. ווען מיר שרייבען די געשיכטע פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג, האבען מיר צו טהון הויפטזעכליך מיט דעם פראלעטא־ריאט אליין, מיט די ארבייטער־מאסען; די איינצעל־פערזאנען קומען נאר אין בעטראכט אויף אזוי פיעל, וויפיעל זיי ווירקען אויף די מאסען, אדער פאר די מאסען.

שוין פון דעם אליין איז געדרונגען, אז די געשיכטע פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג מוז זיין פיעל אינגער, ווי די געשיכטע פון סאציאליזם. גרויסע גייסטער קענען אין זייערע גייסטיגע שאפונגען לעבען לאנג פאראוים פאר זייער צייט. כאטש אויך זיי זיינען „קינדער פון זייער צייט" און די פארמען און דער אינהאלט פון זייער דענקען זיינען שטארק בעאיינפלוסט פון צייט און אומשטענדען, דאך זיינען זיי בכח ארויסצוזאגען גע־דאנקען און אויפצושטעלען אידעאלען, וועלכע קענען אדער מקוים ווערען מיט טויזענדער יאהרען שפעטער, אדער בכלל גאר ניט מקוים ווערען. די גרויסע מאסען אבער קענען זיך ארגאניזירען און בעוועגען און קעמפפען נאר דעמאלט, בעת זיי ווערען געשטופט און געטריבען פון די גרויסע לעבענס־אינטערעסען און לעבענס־

נויטען. זייערע געזעלשאַפטליכע צוקונפט־אידעאַלען קענען ווערען אַ מעכטיגע, טרייבענדע קראַפט נאָר אונטער דעם שטאַרקען דרוק פון די פונדאַמענטאַלע לעבענס אינטערעסען (עקאָנאָמישע הויפּט־זעכליך) פון דער געגענוואַרט.

אַט דערפאַר זעהען מיר טאַקע, אַז די געשיכטע פון סאָציאַליזם ציהט איהרע ערשטע פעדים שוין זינט יאַהרטויזענדע; די געשיכ־טע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אָבער הויבט זיך ערשט אָן צום סוף פון 18טען יאָהרהונדערט, טראָגט אין פערלויף פון דער 1טער העלפט פון 19טען יאהרהונדערט דעם כאַראַקטער פון עקספּערימענטען, מעהר אָדער ווייניגער אינטערעסאַנטע, מעהר אָדער ווייניגער ערנסטע, געלונגענע, אָבער שטענדיג נאָר צייטוויילי־גע און פּאַראיבערגעהענדע. און נאָר אין דער 2טער העלפט פון פאַריגען יאָהרהונדערט הויבט זי אָן אָנצונעהמען איהר קלאָהרע, ריכטיגע געשטאַלט אין איהרע בעשטימטע, בעשטענדיגע פאָרמען.

וואָס איז אזוינס סאָציאַליזם? דאָס וואָרט סאָציאַליזם ליגט איצט ביי אַלעמען אויף די ליפּען און ווערט געברויכט און מיסברויכט אין דעם פערשיעדענסטען זינען. „מיר זיינען אַלע סאָציאַליסטען"—האָט מיט יאָהרען צוריק געזאָגט אַ קאַפּיטאַליסטישער ענגלישער שטאַאַטסמאַן (וויליאַם הארקורט), און דער דאַמאַלסדיגער ענגלישער קרוינפּרינץ און שפּע־טערדיגער קעניג עדוארד דער 7טער האָט איהם צוגעבאַמקעט. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ סאָרט „סאָציאַליזם" דאָס איז. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע פון איהר זייט פערשרייט אַלס „סאָציאַליזם" יעדען פאָרטשריטליכען, ארבייטער־פריינד־ליכען, ארבייטער־שיצענדען געזעץ. פון דער צווייטער זייט ווערט ביי אונז אין די ראַדיקאַלע ארבייטער־קרייזען גופא אָנגענומען פאַר סאָציאַליסטישע קוראַנטנע געלד יעדע רעוואָלוציאָנערע אָדער כלומרשט רעוואָלוציאָנערע פראַזע. מען האָט ביי אונז צ. ב. ביז איצט נאָך ניט געלערנט מבחין צו זיין צווישען אנאַרכיזם, סינדיקאַליזם און סאָציאַליזם, כאָטש זיי זיינען סותר איינער דעם אנדערן, אָדער זיינען, ווי אין פאַל מיט'ן אנאַרכיזם, גאָר דער היפּך איינער פון אַנדערן.

אויך אין ערנסטען טעאָרעטיש־וויסענשאַפטליכען זינען ווערט גערעדט פון פערשיעדענע סאָרטען סאָציאַליזם; מען רעדט צ. ב. פון „שטאַאַט־סאָציאַליזם", בעת די מלוכה זוכט צו קאָנטראָלירען

אָדער אַליין אָנצופיהרען געוויסע צווייגען פון עקאָנאָמישער טהעטיגקייט; מען רעדט וועגען „אגראַר־סאָציאַליזם“, בעת מען פּלאַנעוועט איינצושרענקען דאָס רעכט פון פּריוואַט־אייגענטהום אויף ערד און באָדען, אָדער נאָר אויף די הכנסות פון דער ערד; מען רעדט אויך וועגען „עטישען סאָציאַליזם“, בעת מען זוכט אויף דעם גרונד פון מאָראַלע פאָדערונגען איינצופיהרען מענשליכערע בעציהונגען צווישען מענשען בכלל און צווישען די בעלי־בתים און די ארבייטער בפרט; מען רעדט אויך וועגען „רעליגיעזען סאָציאַליזם“, בעת מענשען זוכען, אויס מורא פאר גאָט, צו ווערען א ביסעל פריינדליכער צו זייערע מיט־מענשען.

כדי זיך צו קענען ארויסקלייבען פון דיזען גרויסען לאַבירינט, פון אָט דעם מישמאַש פון נעמען און ווערטער און בעגריפען, דאַרף מען זיך קלאָהר מאכען, 1טענס: וואָס איז אַזוינס דער תוך פון סאָציאַליזם בכלל? און 2טענס, וואָס איז אַזוינס דער מאָדערנער סאָציאַליזם בפרט?

דער ענטפער אויף דער ערשטער פראגע לויטעט: „דער סאָציאַליזם איז אַזאַ צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט (געזעלשאַפטס־אָרדנונג), וואו די בעלי־בתישקייט ווערט געפיהרט מיט די מיטלען פון „כלל אויפ'ן יסוד פון קהל'שען („קאָלעקטיווען“) אייגענטהום“. און יעדע טעאָריע, אָדער לעהרע, וועלכע פאָדערט אָדער שילדערט אַזאַ סאָרט געזעלשאַפטליכען צושטאַנד אָדער אָרדנונג איז א סאָציאַליסטישער לעהרע.

די סאָציאַליסטישע בעל־הביתישקייט קען אָדער זיין בעשרענקט אויף דעם געמיינזאַמען, קהל'שען בעזיץ און פיהרונג פון דער פּראָדוקציע, ד. ה. נאָר דער אופן ווי די זאכען ווערען געשאַפען זאָל זיין א געמיינזאַמער, קאָלעקטיווער; אין דעם פאַל הייסט עס סאָציאַליזם אין ענגערן זינען פון וואָרט; אָדער אויך די קאָנסומציע זאָל זיין א קאָלעקטיווע, ד. ה. דער אופן ווי אַזוי די געשאַפענע פּראָדוקטען ווערען פערברויכט זאָל אויך ארונטערפאַלען אונטער א געמיינזאַמער, קהל־שער פיהרונג און קאָנטראָלע; אין דעם פאַל הייסט עס קאָמוניזם.

אָט די דעפיניציע, די איינפאַכע ערקלעהרונג פון דעם, וואָס איז אַזוינס סאָציאַליזם, גיט אונז די מעגליכקייט אָבצוזונדערן איהם פון די פּיעל פּסולת. דער כלל איז, אַז דאָרט, וואו עס איז

ניטאָ אַלס יסוד דער קאָלעקטיווער אייגענטהום און די געמיינזאַמע געזעלשאַפטליכע פיהרונג פון דער פּראָדוקציע, דאָרט האָבען מיר ניט קיין סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליזם, ד. ה. דער געמיינשאַפטליכער אייגענטהום אויף דעם גרונד און באָדען, האָט עקזיסטירט אין די גאָר אַלטע צייטען ביי די מייסטע פעלקער. געוועהנליך פלעגט דער גאַנצער שבט אָדער א גרעסערער טהייל פון איהם זיין דער בעל־הבית איבער דער ערד. דער סאָציאַליזם אַלס געזעלשאַפטליכער צו־שטאַנד איז אַלזאָ געגאַנגען פאָראויס פאַר דער אַזוי־אָנגערופענער ציוויליזאַציע. אויף דעם לאַנגען, שווערען, אין בלוט און געוואַלט אויסגעטראָטענעם וועג, דורך שקלאַפעריי און עקספּלואַטאַציע, דורך מאָרד און רויב, איז די ציוויליזאַציע, וואָס איז געגרינדעט אויף פּריוואַט אייגענטהום, געגאַנגען דורך יאָהרטויזענדע, ביז זי האָט זיך אַריבערגעלעבט און געוואָרען א שטער פאַר'ן פאָרשריט. דער סאָציאַליזם אין זיין נייסטער, העכסטער פאָרמע איז געוואָרען דער אידעאַל און די ישועה פון דער מענשהייט אין דער צוקונפט.

דער סאָציאַליסטישער אידעאַל האָט זיינע ערשטע נביאים און פערטהיידיגער בעקומען שוין מיט יאָהרטויזענדע צוריק.

דער ערשטער פון די סאָציאַליסטישע אבות איז געווען דער גרויסער גריכישער פילאָזאָף פּ ל א ט אָ (געבאָרען אין יאָהר 427 פאַר קריסטוס). אין זיין „רעפּובליק" האָט פּלאַטאָ געוואָלט ווייזען, ווי אַזוי די געזעלשאַפט קען און מוז אויפגעבויט ווערען אויף דעם יסוד פון גערעכטיגקייט. און ער איז געקומען צום שלוס, אַז דאָס איז מעגליך נאָר יעמאָלט, אויב עס וועט ניט עקזיסטירען קיין פּריוואַט אייגענטהום (אויך ניט קיין פּריוואַט פאַמיליע), נאָר קהל'שער אייגענטהום אין דער פאָרמע פון געמיינזאַמען פער־ברויך (קאָמוניזם אַלזאָ). דאָך אָט דער קאָמוניזם האָט זיך בע־צויגען נאָר אויף דעם קלאַס פון די „וועכטער", ד. ה. אויף דעם העכסטען, רעגיערענדען קלאַס פון דער געזעלשאַפט. די גרויסע מאַסען האָבען געזאָלט שקלאַפען און שאַפען פאַר יענע אַלדעם גוטס.

דאָך, אויב די סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע ט ע אָ ר י ע איז צוערשט אַרויסגעזאָגט געוואָרען ביי די גריכען, האָבען די אידען דאָס רעכט צו שטאָלצירען דערמיט, וואָס ביי זיי איז דער קאָמוניזם געווען באמת א ן ע ר ש י י נ ו נ ג א י ן ל ע ב ע ן ג ו פ א. די סעקטע פון די ע ס ע י ע ר

(„אסיים“), וועלכע האָט עקזיסטירט אין דער צייט פון בית־שני איבער 200 יאָהר, האָט אַנערקענט דעם פּרינציפּ פון קאָמוניזם. זייענדיג אַסקעטען („פּרושים“) און ניט וועלענדיג הנאה האָבען פון די תאוות פון דער וועלט, פלעגען זיי אָבגעבען אַלץ וואָס זיי פלעגען פערמעגען פאַר דעם געמיינזאַמען, קאָמוניסטישען געברויך.

סאָציאַלע אידעען געפינט מען פאַרנאַנדערגעוואָרפען שוין פריהער ביי די נביאים: ביי מיכה, עמוס, הושע, ישעיה און ירמיה. דאָס זיינען געווען אונקלאָהרע פאָרשטעלונגען און פאָדערונגען פון געזעלשאַפטליכען אייגענטום און סאָציאַל־עקאָנאָמישער גלייכהייט. נאָר זייערע סאָציאַלע אידעאַלען זיינען געווען איינגעוויקעלט און דורכגעוועבט מיט זייער גאָט־אידעע, ד. ה. מיט דער אידעע פון אַן אַלט־נייעם מדבר־גאָט, י ה ו ה, וועלכער „האָט פיינט פערד מיט רייטוועגען“ (ישעיה) און „פּאַלאַצען און פעסטונגען“ (הושע).

אין אַ רעליגיעזען מלבוש זיינען געווען איינגעוויקעלט אויך פערשיעדענע סאָציאַליסטישע געדאַנקען ביי אַ טייל פון די גרינדער פון קריסטענטום (דער פערפאַסער פון 3טען עוואַנגעליום). און אין פערלויף פון מיטעלאַלטער האָט עקזיסטירט און איז געווען פערשפּרייט דער אַסקעטישער קלויסטערליכער קאָמוניזם. אויך די פערשיעדענע סעקטען־בעוועגונגען האָבען געטראָגען אַ רעליגיעזען סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישען כאַראַקטער. צווישען זיי איז די וויכטיגסטע און אויפ׳ן קלאָהרסטען אופן אויסגעשפּראָכענע, די בעוועגונג פון די ווידער־טויפער מיט טהאָמאַס מינצער בראש. מינצער האָט א ו י ס ד ר י ק ל י ך ג ע פ אָ ד ע ר ט אַז „אַלע זאַכען זאָלען זיין קהל׳שע און זאָלען אויסגעטהיילט ווערען צו יעדן נאָך זיין נויט“. אין מעהרען האָבען זאָגאַר עקזיסטירט 70 געמיינדען פון ווידערטויפער מיט אַ בעפעלקערונג פון 400 ביז 1000 נפשות, און אין פערלויף פון 3 דורות (אָנפאַנגענדיג מיט דעם יאָהר 1536) האָבען זיי פּראַקטיש דורכגעפיהרט זייערע קאָמוניסטישע אידעאַלען. זיי זיינען ענדליך אונטערגעגאַנגען נאָר דורך די געוואַלט־מיטלען פון זייערע שונאים.

אַ נייע אויפלעבונג צו העכערע פאָרמען האָט דער סאָציאַליזם בעקומען ערשט אונטער דער ווירקונג פון די נייע סאָציאַל־עקאָנאָמישע צושטענדען אין דער פרייערער, וועלטליכער גייסטיגער אַטמאָספערע פון די הומאַניסטען. 19 יאהרהונדערטען זיינען אַוועק נאָך פּלאַטאָ ביז עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ נייע, העכערע סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע סיסטעם אין דער פאָרמע פון אַן או־

טאָפּיסטישע מלוכה־אָרדנונג. דער ענגלענדער טהאָמאַס מאָרוס איז דער מאַן וועלכער האָט אין זיין „אוטאָפּיע" (ערשינען אין יאָהר 1516) ארויסגעזאָגט געדאַנקען, וועלכע קאוטסקי כאַראַקטעריזירט אַלס „די התחלה פון מאָדערנעם סאָציאַליזם". זיין סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישע סיסטעם בעציהט זיך אויף דער גאַנצער בעפעלקערונג פון דער מלוכה. זי אַנערקענט דעם קהל'שען איי־גענטהום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, ווי אויך די פיהרונג פון דער פּראָדוקציע דורך דער מלוכה; זי פאָדערט אַלגעמיינע ארבייטס־פליכט, א 6־שעה'דיגען ארבייט־טאָג און די פערזאָרגונג פון אַלעמען מיט די נויטיגע ארבייט־מיטלען.

מאָרוס עפענט מיט זיך א גאַנצע רייהע פון אוטאָפּיע־שריי־בער, וועלכע האָבען אין די נעכסטע יאָהרהונדערטען זיך בעוויזען אין אַלע לענדער.

דאָך דיזע סאָציאַליסטישע אוטאָפּיעס, ווי אויך די התחלות פון סאָציאַליסטישע טעאָריעס פון 18ען יאָהרהונדערט, זיינען בלויז געווען די איינצעלנע שוואַלבען, וואָס זאָגען אָן מיט א צייט פאַר־אויס דאָס אָנקומען פון פריהלינג. עס זיינען געווען נאָר אויסדרו־קען פון ערוואַכען פון געזעלשאַפטליכען דענקען ביי יחידים, ביי פאָרגעשריטענע גייסטער, אונטער דער ווירקונג פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין לעבען פון די פעלקער.

ווילען מיר אָבער מאַכען נאָך א טריט נעהנטער צו דער סאָ־ציאַליסטישער בעוועגונג, אזוי מוזען מיר קודם כל געבען א תשובה אויף דער צווייטער פראַגע: וואָס איז אזוינס דער מאָדערנער סאָציאַליזם? ווייל אָט דער מאָדערנער סאָציאַליזם איז די נשמה פון דער בעוועגונג.

דער מאָדערנער, אָדער וויסענשאַפט־ליכער סאָציאַליזם איז די לעהרע פון קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס. זיינע הויפּט־יסודות זיינען צוערשט פעסטגעלייגט געוואָרען אין זייער ביידענס שריפט פון ענדע 1847־טען יאָהר, „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט". דורך אָט דער שריפט איז דער סאָציאַליזם ארויסגעפיהרט געוואָרען פון פינסטער־ניש אין ליכט; פון צופאַל איז ער געוואָרען א נויטווענדיגקייט. דער סאָציאַליזם האָט אויפגעהערט צו זיין איינפאַך אַן אידעאַל, א פרומער, גוטערוואונש פון גוט־געזינטע מענשען, נאָר ער איז געוואָרען בעוויזען און בעגרינדעט אַלס א היסטאָרישע נויטווענ־

דיגקייט, אַלס אַ מדרגה פון מענשליכער געזעלשאַפט וואָס מוז קומען דורך דעם טעכנישען פּאָרטשריט און דורך דער ענטוויקלונג פון די אינעווייניגסטע סאָציאַל־עקאָנאָמישע סתירות פון דער קאַ־פּיטאַליסטישער געזעלשאַפט (די לעהרע פון היסטאָרישען מאַטע־ריאַליזם). אויך איז דורך דער דאָזיגער שריפט בעוויזען געוואָרען, אַז דער גרויסער ארבייטער־קלאַס איז דער טרעגער פון דער נייער אָרדנונג און זיין שיקזאַל איז ענג פערבונדען מיט דעם שיקזאַל פון דער נייער סאָציאַליסטישער אָרדנונג, און נור אין איהר ליגט זיין ישועה. קיין רעטונג כל זמן די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם געהט אָן. (די לעהרען פון קלאַסענקאַמפּף און „צוזאַמענברוך“).

זאָגט דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט: „וואָס עס צייכענט אויס דעם קאָמוניזם (דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם ק. פּ.) איז ניט די אָבשאַפונג פון אייגענטום בכלל, נאָר די אָבשאַפונג פון בור־זשואַזעם אייגענטום. דער מאָדערנער בורזשואַזער פּריוואַט איי־גענטום איז דער לעצטער און פולסטער אויסדרוק פון שאַפען און בעזיצען פּראָדוקטען אויפ'ן יסוד פון קלאַסען־געגענזאַצען, דורך די עקספּלואַטירונג פון איין טייל מענשען דורך די אַנדערע..... מיט דער ענטוויקלונג פון דער גרויסער אינדוסטריע ווערט פון אונטער די פיס פון דער בורזשואַזיע אַוועקגענומען דער פונדאַמענט, אויף וועלכען זי שאַפט פּראָדוקטען און נעהמט זיי צו פאַר זיך. זי שאַפט קודם־כל איהרע אייגענע מקברים. איהר אונטערגאַנג און דער זיעג פון פּראָלעטאַריאַט זיינען גלייך אונפערמיידליך“.

איצט, אז מיר ווייסען שוין דעם בעזונדערען כאַראַקטער פון מאָדערנעם סאָציאַליזם, איז אונז לייכט צו מאַכען דעם לעצטען טריט צו אונזער אייגענטליכער אויפגאַבע, דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג.

ד י ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ב ע װ ע ג ו נ ג, אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז די „אָרגאַניזאַציע פון פּראָלעטאַ־ריאַט, וועלכע בעטראַכט אַלס איהר אויפגאַבע אויפ'ן באָדען פון קלאַסען־קאַמפּף צו עראָבערן די פּאָליטישע מאַכט, כדי מיט הילף פון אָט דער פּאָליטישער מאַכט צו קענען פערווירקליכען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל“.

דער מאָדערנער סאָציאַליזם גיט די וואָפען צום קאַמפּף געגען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג; די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָרגאַני־זירט די אַרמעען צום קאַמפּף און לערנט זיי ווי די וואָפען צו גע־

ברויכען, כדי צו קענען אויפ'ן בעסטען אופן און אין דער קירצעס־טער צייט דורכפיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

אָט דער בעגריף וועגען דער סאָציאַלער רעוואָלוציע איז דער לעצטער, וועלכען מען מוז זיך קלאָהר מאכען, אויב מען וויל פערשטעהן דעם בעזונדערן כאראַקטער פון דער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג. ווארום כאָטש רעוואָלוציעס זיינען שוין פאָרגעקומען א סך, „זיינען אָבער אַלע רעוואָלוציעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביז איצט, בעשטאַנען אין דעם, וואָס די הערשאַפט פון איין קלאַס איז פערשטופּט געוואָרען דורך דער הערשאַפט פון אַן אַנדער קלאַס" (ענגעלס). און טאַקי דערפאַר האָבען מיר ביז נאָך גאָר ניט לאַנג, לערך, ניט געהאַט קיין סאָציאַליסטישע בע־וועגונג, ווייל די אַלע פריהערדיגע רעוואָלוציעס האָבען ניט גע־שטרעבט און ניט געפיהרט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, ד. ה. צו דעם אָבשאַפען פון פּריוואַט אייגענטהום און פון קלאַסען־הער־שאַפט אַלס די יסודות פון דער עקאָנאָמישער געזעלשאַפטליכער און פּאָליטישער אָרדנונג. מען קען רעכענען די התחלה פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג צוענד פון 18טען יאָהרהונדערט. איהר פאָרגעשיכטע ציהט זיך אין פערלויף פון 1טען העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט; ערשט אין מיטען פון פאָריגען יאָהר־הונדערט, בויענדיג אויף די יסודות פון דער מאָדערנער וויסענ־שאַפטליכער סאָציאַליסטישער טעאָריע, הויבט זי אָן בעקומען איהר קלאָהרע געשטאַלט און איהרע אייגענאַרטיגע פאָרמען. א פעסט־דיסציפּלינירטע, שטאַרק־געבויטע, געאייניגטע און געשלאָסענע גרויסמאַכט ווערט זי ערשט צוענד פון 19טען יאָהרהונדערט.

די מאָדערנע סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז א פּועל־יוצא פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. זי איז געוואָרען מעגליך ערשט יעמאָלט, ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך גענומען פערשפּרייטען איבער דער וועלט. דער קאַפּיטאַליזם גופא איז אָבער נאָך גאַנץ יונג. ערשט אין דער 2טער העלפט פון 18טען יאהרהונדערט איז ער ענטשטאַנען. זייענדיג בעגינסטיגט דורך די פיעלע טעכנישע ערפינדונגען און סאָציאַלע ענדערונגען האָט די מאָדערנע קאַפּיטאַ־ליסטישע גרויס־אינדוסטריע אָנגעהויבען אויפצוקומען, צוערשט אין ענגלאַנד און פון דאָרט האָט זי אין פערלויף פון 19טען יאָהרהונדערט די וועלט עראָבערט. דער קאַפּיטאַליזם האָט אויף זיין גרויסען ערָאָבערונגס־צוג געשאַפען דעם פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. די גרויסע

ארבייטערמאסען, וועלכע האָבען מעהר קיין אייגענטהום נים, נאָר זיינען לוין־שקלאַפען; ער האָט זיי קאָנצענטרירט מאסענווייז איינע לעבען די אַנדערע אין די שטעדט און פאַבריקען; דורך דער עקספּלואַטאַציע פון איין זייט און דורך דער שרייענדער סתירה צווישען זייער אייגענער נויט און עלענד און דער קאַפּיטאַליסטישער עשירות און לוקסוס פון דער צווייטער זייט האָט ער אין זיי דעם רעוואָלטירענדען גייסט אויפגעוועקט און ערצויגען; אויף דעם אַשתמיד פון זיין ברוטאַלער, געוואַלטזאַמער, ענגהערציגער אויסנוצונג פון זיין הערשאַפט איבער דער מלוכה פאר זיינע אייגענע עגאָאיסטישע קלאַסען־אינטערעסען, האָט ער ביי די פּראָלעטאַריער־מאַסען זייער קלאַסען־בעוואוסטזיין און די אחדות־געפיהלען געשמידט.

אַט אזוי איז געוואַקסען דער פּראָלעטאַריאַט פיזיש און גייסטיג, זיך פערמעהרט און פערשטאַרקט אין צאָהל און זיך ענטוויקעלט און אויפגעקלעהרט אין גייסט. און צוזאַמען מיט איהם איז געוואַקסען און זיך ענטוויקעלט און שטאַרקער געוואָרען אויך די סאָציאַליסטישע בעוועגונג. פריהער איז די בעוועגונג געווען אַ נאָך־שלעפּעריין און נאָך־הענגעריין נאָך די אַנדערע קלאַסען, נאָכהער איז זי געוואָרען זעלבסטשטענדיג, אונאבהענגיג. פריהער האָט זי בלינד געטאַפּט דעם וועג, נאָכהער האָט זי קלאָהר גענומען זעהן פאר זיך דעםברייטען, גלייכען וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. און אַלץ מיט פעסטערע, זיכערערע טריט און מיט שטאָלצערן מוט איז דער ארבייטער־קלאַס געגאַנגען פון מדרגה צו מדרגה, אַלץ נעהענטער צו זיין בעפרייאונג.

די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג איז דערפאַר אין די ערשטע עפּאָכען מעהר און ענגער פערבונדען מיט דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער צייט. און שילדערענדיג אין די נעכסטע פּאַרלעזונגען די התחלות פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, וועלען מיר מוזען ווידמען פיעל אויפמערקזאַמקייט דעם טעכנישעקאָנאָמישען און סאָציאַל־פּאָליטישען קאַפּיטאַליסטישען רעוואָלוציאָנס־פּראָצעס, וועלכען די פּאָרגעשריטענסטע אייראָפּעאישע לענדער — ענגלאַנד און פראַנקרייך — האָבען דורכגעמאַכט. ערשט אין די ווייטערדיגע, העכערע ענטוויקלונגס־שטופען, ווען די סאָציאַליסטישע בעוועגונג האָט בעקומען אַ זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ, האָט אויך איהר געשיכטע אָנגענומען אַ מעהר זעלבסטשטענדיגען כאראַקטער.

## צווייטע לעקציע

# געזעלשאַפטליכע קלאַסן און סאָציאַלע אידעאַלן אין צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

ניט פראַנקרייך, נאָר ענגלאַנד איז דאָס לאַנד, וואו די גרויסע עקאָנאָמיש־אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט זיך צוערשט אָבגעשפּיעלט און דער מאָדערנער קאַפּיטאַליזם האָט צוערשט זיינע וואָרצלען געלאָזען. און פון דעסטוועגען געהערט דער אויבען־אָן אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג דווקא צו פראַנקרייך און ניט צו ענגלאַנד.

פאַר וואָס איז עס אַזוי? אַן ענטפער אויף דער פראַגע גיט קאַוטסקי. ער שרייבט:

„עס זיינען שוין אוועק פיער דורות זינט די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען און פון דעסטוועגען ווירקט נאָך דיזע געוואַלטיגע געשעהעניש עד היום. און עס איז ניט מעגליך צו פערשטעהן אין גאַנצען די קלאַסען־הפכים פון דער איצטיגער צייט, אויב מען זאָל ניט פערשטעהן יענע קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט צום ערשטען מאָל אויסגעבראָכען אָהן אַ רעליגיעזען צודעק און האָט אויפגעדעקט דעם תוך פון דער בורזשואזער געזעלשאַפט.“ („קלאַסען־געגענזעצע אין פראַנקרייך“).

נאָך שטאַרקער דריקט זיך אויס וועגען דעם ענין דער בעוואוסטער געשיכטע־שרייבער פון פראַנצויזישען סאָציאַליזם, פאָול לואי. ער שרייבט: „די רעוואָלוציע פון 1789 איז אפילו פאַר די סאָציאַליסטען די גרעסטע געשעהעניש אין דער היסטאָריע. עס איז געווען אַ טעות איהר צו בעטראַכטען נאָר ווי אַ פּאָליטישע פאַסירונג; זי האָט געהאַט אַ גאַנץ בולט׳ן עקאָנאָמישען און סאָציאַלען שטעמפּעל.“ („געשיכטע פון סאָציאַליזם אין פראַנקרייך“).

ניט פּלוצלונג, ניט אונערוואַרטעט איז אָט די גרויסע רעוואָלוציאָנערע קאַטאַסטראָפע געקומען. דער קעניגליכער הויף, דער אַדעל, די הויכע גייסטליכע — אָט די אַלע פּריווילעגירטע און הערשער פון דער צייט פאַר דער רעוואָלוציע, פון דעם אַזוי גערופענעם

„אלטען רעזשים“, זיי האבען געמענט אין זייער עגאאיסטישער פער־בלענדעניש און קאפלאזיגקייט זיך אליין אריינטרייבען בלינד אין תהום אריין — אבער די פרייערע, פערשטענדליכערע מענשען האבען שוין מיט יאהר צעהנדליגע פאר דער קאטאסטראפע אנגעהויבען צו־פיהלען, אז די אלטע געזעלשאפט האלטביים צוזאמענברעכען. אלס „דער יאהרהונדערט פון אויפקלעהרונג“ — איז דער 18טער יאהרהונדערט געקרוינט געווארען. און דיזע אויפקלעהרונג איז געגאנגען ווייט און ברייט און איז אריינגעדרונגען טיעף. די דענ־קער פון 18טען יאהרהונדערט אין פראנקרייך האבען ניט נאר אראפגעריסען די הייליגקייטס שלייערען פון דער רעליגיע (וואל־טער און די מאטעריאליסטען), פון דער מאנארכיע (מאנטעסקייאו), ציוויליזאציע (רוסא), נאר אויך פון פריוואט אייגענטום.

קאמוניסטישע אידעען האבען גענומען אין 18טען יאהרהונ־דערט ארויסשפרינגען פון פערשידענע זייטען. שוין אין ערשטען דריטעל פון 17טען יאהרהונדערט איז דער גלח זשאן מעסליע (Jean Meslier) אין זיין „צואה“ ביטער ארויסגעטראטען גע־גען פריוואט אייגענטום אלס דעם קוואל פון יעדער אונגלייכהייט און האט געפאדערט „פאר אלע מענשען דאס גלייכע רעכט צו לעבען און זיך פריי צו בעוועגען, צו געניסען זייער נאטירליכע פרייהייט און צו האבען א חלק אין די גיטער פון דער ערד, אר־בייטענדיג פלייסיג צוזאמען אום צו שאפען די אלע זאכען וואס זיינען נויטיג און נוציליך פאר דעם לעבען“.

און בעת וואלטער האט אויסגעפונען אט די פערלארען־געווארע־נע „צואה“ און איהר געלאזט אבדרוקען (אין יאהר 1762), זיינען שוין אנדערע קאמוניסטישע שריפטשטעלער געווען טעטיג אין פראנקרייך. צווישען זיי זיינען געווען די בעדייטענדסטע מאבלי (Gabriel Bonnot de Mably, 1709-85) און בעזונדערס מארעלי (Morelly) אין זיין בעריהמטען „געזעצבוך פון דער נאטור“. (פערעפענטליכט אין יאהר 1755). דער ערשטער מאכט די בי־טערסטע אטאקעס אויף דאס פריוואט אייגענטום. דער צווייטער בעגנוגט זיך ניט מיט דער קריטיק פון פריוואט אייגענטום, נאר ער לאזט זיך אריין אין א גענויער אויסארבייטונג פון דער נייער קאמוניסטישער געזעלשאפטליכער ארדנונג, וואו יעדער איינע־וועט ווערען בעשעפטיגט פון דער מלוכה און וועט ווערען אויסגע־האלטען פון איהר, וואו האנדעל וועט ניט עקזיסטירען א. ז. וו.

דאָך די גייסטיגע רעוואָלוציע, וועלכע האָט אין פערלויף פון 18טען יאָהרהונדערט פון אַלע זייטען מיט אַלץ מעהר וואַקסענ־דער און אַלץ אַ מעכטיגערער קראַפט זיך גענומען דורכרייסען אין דער פילאָזאָפיע, ליטעראַטור, וויסענשאַפט, רעכטס לעהרע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע, איז באמת געווען נאָר די אָבשפּיגלונג פון דעם ערב־באַנקראָט פון דער אַלטער עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכער אָרדנונג.

אין יענעם „אַלטען רעזשים“ איז בראש פון דער נאַציע, וועל־כע מען האָט געשאַצט דאַמאָלסט אין 16־24 מיליאָן נפשות, געשטאַנען דער קעניג, געזעצליך אַ זעלבסטהערשער, אַן אַבסאָ־לוטער מאָנאַרך. דאָס איז ער אויך פּאַקטיש געווען, ווייל אַדעל און קירכע, די פריהערדיגע געגנער פון קעניג, זיינען געוואָרען איצט זיינע דיענער און העלפער. דער קעניג האָט דאָס גאַנצע לאַנד פערוואַלטעט דורך זיינע בעאַמטע און אָרדנונג געהאַלטען אין איהר דורך זיין אַרמעע. צוזאַמען מיט דער קאָנצענטרירונג פון דער מאַכט, האָט דער קעניג קאָנצענטרירט אין זיינע הענד אויך די הכנסות פון שטאַאַט און איז אויך געוואָרען דער איי־גענטימער פון אַ גרויסען טייל פון באָדען פון לאַנד. אַ פ ו ־ ל ע ר פ י נ פ ט ע ל פון פראַנקרייך האָט יעמאָלט געהערט צום קעניג און אַ ז י ב ע ט ע ל פון לאַנד האָט געהערט צו דער קעניגליכער פאַמיליע.

לעבען קעניג איז געשטאַנען דער אַדעל. זייענדיג קליין אין צאָהל (אין גאַנצען נאָר 25,000־30,000 פאַמיליעס), זיינען דאָך אָט די פּריצים געווען אמת'ע פּיאַווקעס, וואָס האָבען אויסגעזויגען דאָס בלוט און מארך פון פאָלק; דירעקט האָבען זיי געזויגען אין געצווינגען ביי די פּויערים און ניט דירעקט, אלס פּאַראַזיטען ביים קע־ניגליכען הויף, האָבען זיי די גאַנצע נאַציע אויסגעזויגען. 15,000 פּערזאָנען זיינען געווען אָנגעשטעלט ביים הויף אליין און זיי האָ־בען בעצויגען איבער 40 מיליאָן ליוור (אַרום 20 מיליאָן דאָלאַר אויף היינטיגע געלד) אַ יאָהר. אין דער אַרמעע האָבען זיי פּער־נומען די אָפיציר־שטעלען און האָבען אויך בעצויגען 46 מיליאָן ליוור אַ יאָהר, בעת די אַלע סאָלדאַטען צוזאַמען האָבען געקאָסט נאָר 44 מיליאָן. אין פּענסיעס און מתנות פלעגען זיי בעקומען צעהנדליגע מיליאָנען אַ יאָהר.

דעם נאָהענטסטען פּלאַץ צווישען די פּריווילעגירטע הערשער

און עקספּלואַטאַטאָרס האָט פערנומען די קאַטוילישע קירכע. א פ י נ פ ט ע ל פון דער ערד פון גאַנץ פראַנקרייך האָט צו איהר געהערט און דאָס איז געווען אַלץ דער בעסטער, פרוכטבאַרסטער באָדען. אין 4,000 מיליאָן ליוור (2,000 מיליאָן דאָלאַר אויף היינ־טיגע געלט) האָט מען אָבגעשאַצט דעם ווערטה פון אַט דעם קירכ־ליכען באָדען. דער מעשר האָט איהר אַריינגעטראָגען נאָך 123 מיליאָן ליוור א יאָהר. דער ווייט גרעסטער טייל פון אַט די, און פון א סך אַנדערע הכנסות, פלעגט אַריינפאַלען אין די קעשענעס פון דעם גאַנץ קליינעם הייפעל הויכע גייסטליכע; די נידעריי־גערע גלחים זיינען געווען אָרים, אָבגעריסען, אָבגעשליסען. קיין וואונדער ניט וואָס אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָבען זיי זיך אָבגעריסען און פערראַטען זייער קלאַס.

דער פריש אויסגעבאַקענער אַדעל פון די העכערע, גוט בע־צאָהלטע בעאַמטע, בראַש פון וועלכע עס זיינען געשטאַנען די העכ־סטע געריכטען („פּאַרלאַמענטען"), זיינען געווען דער לעצטער רינג אין דער קייט פון די פּריווילעגירטע וואָס זיינען געווען פער־אינטערעסירט אָנצוהאַלטען די „אַלטע אָרדנונג".

קעהרען מיר זיך אום צו דער צווייטער קייט פון די אַלע וואָס זיינען געווען אונצופריעדען מיט דעם „אַלטען רעזשים" און האָבען רעוואָלטירט געגען איהם, געפינען מיר קודם כל א גרויסען טייל פון די העכערע קלאַסען אַליין. צווישען דעם אַדעל גופא זיינען געווען א סך פינאַנציעל רואינירטע און אונצופריעדענע, אַנדערע גייסטיג ענטוויקעלטערע און רעוואָלוציאָנער געזינטע. צווישען די גייסטליכע איז דער גרעסטער טייל, דער נידעריגער קלאַס, געווען פערהונגערט און אונצופרידען. צו דער זעלבער צייט איז דער דריי־טער שטאַנד אויפגעוואַקסען און זיך פערמאָסטען צו פערנעהמען א פיהרענדע ראָלע אין דער געזעלשאַפט, יענער „דריטער שטאַנד" וועלכע איז — לויט דעם שפּרוך פון אַבאַט סיאייס — „ביז דער רע־וואָלוציע געווען גאָר ניט און האָט זיך פערמאָסטען צו ווערען אַלץ".

דער „דריטער שטאַנד" האָט יעמאָלט אַריינגענומען אין זיך די גאַנצע איבעריגע בעפעלקערונג, אויסער די דערמאָנטע ערשטע שטאַנדען; אין איהם זיינען אַריין די קאַפּיטאַליסטען, די האַנד־ווערקער, די פּויערים און די פּראָלעטאַריער.

בראַש איז געשטאַנען די „הויכע פינאַנץ": די פּאַכטער פון די שטייערן, די קרעדיטאָרען פון דער מלוכה. זיי האָבען מורא

געהאַט פאַר אַ באַנקראָט פון דער מלוכה און דערפאַר זיינען זיי געווען פאַר רעפאָרמען. און נאָך מעהר האָבען געמוזט פּראָטעס־טירען געגען דער אַלטער אָרדנונג די גרויסע האַנדעלסלייט און אינדוסטריעלע אונטערנעהמער. די שוואַכקייט פון דער פראַנצוי־זישער אַרמעע, די פיעלע מפּלות וואָס פראַנקרייך האָט געהאַט אין די מלחמות פון 18טען יאָהרהונדערט פון איין זייט און די פיעלע איינעווניגסטע אַבצאָהלונגען און שטערונגען פון האַנדעל און פער־קעהר אין לאַנד גופא, ווי אויך די קינסטליך געטריבענע, פון קעניג אַליין בעגינסטיגטע ספּעקולאַציע מיט תבואה, דאָס אַלץ האָט ניט געלאָזען ענטוויקלען, ניט דעם האַנדעל, ניט די אינדוסטריע. דער־פון דער געשריי „פרייהייט און גלייכהייט“, „לאָזט טהאָן, לאָזט געהן“, וועלכע זיינען געווען די לאָזונגען פון דער רעוואָלוציע אויפ׳ן פּאָליטיש־רעכטליכען און עקאָנאָמישען פעלד.

נעקסט צו די קאַפּיטאַליסטען איז געקומען די אינטעליגענץ. די געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־טיילונג, די וואַקסענדע בעדירפנישען, די צענטראַליזירטע מלוכה פיהרונג, די פערשפּרייטונג פון ביל־דונג, זיי אַלע האָבען געשאַפען דעם קלאַס פון אינטעליגענטען: טעכניקער, דאָקטוירים, לעהרער, בעאַמטע, אַדוואָקאַטען, ליטעראַ־טען, זשורנאַליסטען, א. ז. וו. די לעבענס אינטערעסען פון אָט דעם וואַקסענדען און גייסטיג העכסט ענטוויקעלטען און פּאָרגעשריי־טענסטען קלאַס זיינען געווען געווענדעט געגען דער אַלטער אָרדנונג; און עס איז געווען אָט דער קלאַס, וואָס האָט זיין שטעמפּעל אַרויפגעלייגט אַזוי שטאַרק אויף דעם כאַראַקטער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

צום דריטען שטאַנד האָבען געהערט אויך די האַנדווערקער. די אַלטע צעכען האָבען נאָך עקזיסטירט און האָבען בעזעסען זייערע פּריווילעגיעס. זיי זיינען אָבער געוואָרען ענגע, פערדאַרטע מאָ־נאָפּאָליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַ קליין הייפעל פּריווילעגירטע מייסטערס. אין שאַרפען געגענזאַץ צו די מייסטערס זיינען גע־שטאַנען די געזעלען, וועלכע האָבען געשטרעבט צו ווערען אַליין מייסטערס, אָבער זיינען ניט צוגעלאָזען געוואָרען. עס זיינען אָבער געווען אַ סך ערטער וואו דער צעך־צוואַנג האָט ניט עקזיס־טירט. דאָרט האָבען זיך בעזעצט די פיעל געזעלען, וואָס האָבען ניט געקאָנט ווערען קיין מייסטערס. אין פּאַריז זיינען עס געווען צוויי בעצירקען: סט. אַנטואַן און טעמפּל. אין יענע פרייע שטעדט

און שטאָדטישע בעצירקען פלעגען, געוועהנליך, אויך די קאַפּי־טאַליסטען עפענען זייערע מאַנופאַקטורען, פאַבריקען און גרויסע ווארקשטאַטען. דערפאַר פלעגען דאָרט זיך איינגעפינען אַ סך געלערנטע לוינאַרבייטער און ניט געלערנטע טאָגלוינער, וועלכע פלעגען זיך רעקרוטירען טיילווייז פון די האַנדווערקער, טיילווייז פון דער לאַנד בעפעלקערונג; אויך די קליינהענדלער, שענקער א. ד. גל. האָבען געלעבט לעבען די שיכטען פון דער אַרבייטער־בעפעלקערונג און זיינען געווען עקאָנאָמיש פערבונדען מיט זיי.

גרויס אין צאָהל און שטענדיג אויפגעבראַכט, ברענענדיג מיט האַס געגען אַלץ און אַלעמען און דערפאַר גרייט אויף אַלערליי רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען, איז געווען אין די שטעדט דער לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, בעזונדערס אין פּאַריז. ביי דעם כראָני־שען הונגער און אַרבייטסלאָזיגקייט איז די צאָהל פון בעטלער אויך געוואָרען געוואַלטיג גרויס. אין 1,200,000 נפשות האָט מען זיי געשאַצט אין יאָהר 1777. אין פּאַריז האָבען זיי געבילדעט 1 זעקסטעל פון דער בעפעלקערונג.

די פּויערים זיינען געשטאַנען מיט אַ מדרגה נאָך נידעריגער ווי דער שטאָדטישער פּראָלעטאַריאַט. די אָרימקייט זייערע איז געווען הימעל שרייענדיג, דער ווילקיר פון די בלוט־צאַפּער, די פּריצים איז געווען ניט צו דערטראָגען; פון 50 ביז 75 פּראָצענט פון הכנסה פלעגען די פּויערים מוזען אָבגעבען אַלס אָבצאָהלונגען; דערצו נאָך די לאַסט פון מיליטער־דיענסט און פון צעהנדליגע אַנדערע פּערזענליכע דיענסטען; די פינסטערע אונוויסענהייט איז געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דער שרייענדסטער אָרימקייט. די ערד איז געווען אויסגעזויגען, פון קיין מיסטיגונג האָט מען ניט געוואוסט, דערפאַר אַזוי פיעל הונגער־יאָהרען. און אַזוי ווייט איז מען געווען געזונקען דאָס ערב דער רעוואָלוציע איז צווישען 1 און 2 דריטעל פון אַקערלאַנד געבליבען ניט בעאַרבייט. ניט קענענדיג אַריבערטראָגען דעם הונגער, די נויט און דעם שווערען יאָך, פלעגען די פּויערים מאַסענווייז לויפען אין די שטעדט, בע־זונדערס אין פּאַריז. ביי די איבערגעבליבענע, צום לאַנד צוגע־קייטע, איז אַלץ טיעפער געוואַקסען דער האַס און די אויפרעגונג. מען האָט נאָר געוואַרט ביז די שטאָדט, די הויפּט שטאָדט בעזונ־דערס, וועט דעם רוף געבען און דער שטורם האָט זיך באַלד פער־שפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

גרויס איז געווען די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי — וויניגסטענס 9 צעהנטעל פון פאָלק זיינען געווען פעראינטערעסירט אין דער צושטערונג פון דעם אַלטען רעזשים. דערפון די אונגעהייערע מאַכט פון דער רעוואָלוציע. אָבער אין אָט דער גרויסער אַרמיי איז די איינינקייט געווען זעהר אַ בעשריינקטע. ביים אַראָפּרייסען דעם אַלטען בנין איז עס נאָך געגאַנגען גלאַטיג. די אָבשאַפונג פון די פּריווילעגיעס פון אַדעל און קירך, די אַנערקענונג פון אַלגעמיינע פּאָליטישע רעכטע און פון בירגערליכע זיכערקייט זיינען געווען אַלגעמיינע, נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דערפאַר די ריינע, גרינדליכע אַרבייט פון דער נאַכט פון 4טען אויגוסט 1789, בעת אַלע פּריווילעגיעס פון די ביידע העכערע שטאַנדען זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען. דערפאַר אויך „די ערקלעהרונג פון מענשענרעכטע" מיט איהר גרונד־פּרינציפּ: „אַלע מענשען ווערען געבאָרען און פערבלייבען פריי און גלייך־בערעכטיגט".

אָבער אָט די גרויסע רעוואָלוציאָנס אַרמיי וואָס איז פון פיעל פערשידענע עלעמענטען און קלאַסען צוזאַמענגעזעצט געוואָרען, האָט אין זיך געטראָגען אינעווייניגסטע סתירות און קלאַסען הפכים. און שוין דער צווייטער פּאַראַגראַף פון דער „ערקלעהרונג פון מענשענרעכטע" ענטפּלעקט אָט די וויכטיגסטע פון די „סתירות". אַלס נאַטירליכע רעכטע פון די מענשען, פון וועלכע מען קען זיך ניט אָבזאָגען, ווערען ערקלעהרט בנשימה אחת: „פרייהייט, א י י ג ע נ ט ה ו ם, זיכערקייט און ווידערשטאַנד געגען אונטערדריקונג". אַלזאָ דאָס פּריוואַט־אייגענטהום ווערט פאַרהייליגט שוין דאָרט, כאָטש דאָס אַליין איז שוין אַ פּריווילעגיע פון דער מינאָריטעט פון דער בעפעלקערונג.

אין דער פּראַקטיק האָט אָט דער אינווייניגסטער ווידערשפּרוך צווישען פרייהייט און אייגענטהום אָנגענומען די פאָרמע פון ווידערשפּרוך צווישען דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, צווישען אַ נייעם קלאַסענשטאַאט און דער סאָציאַלער רעפּובליק.

באַלד נאָך דעם ווי די ערשטע רעוואָלוציאָנערע שכרות איז פערביי, איז געוואָרען קלאָהר, אַז אויף די חורבות פון דעם אַלטען רעזשים געהט די בורזשואזיע אויפבויען איהר אייגענע הצלחה און קלאַסען־הערשאַפט.

דעם 20טען אָקטאָבער 1789 זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען

„קריגסגעזעצען", וועלכע מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען די „גור־טע בירגער" און דעם „המון", דעם „מאָב". אין די לעצטע מעג מען שיסען, אויב זיי קלייבען זיך צוזאַמען און ווילען זיך ניט פונאַנדערגעהן. און דאָס איז דאָך געווען דערזעלביגער „מאָב" וואָס האָט אויף אַזאַ „ניט געזעצליכען" אופן די באַסטיליע גע־שטורעמט דעם 14טען יולי; וואָס האָט אָקאָרשט דעם 5טען און 6טען אָקטאָבער די קעניגליכע פאַמיליע געצוואונגען אריבערצו־פּעקלען זיך פון ווערסאַיל אין פּאַריז און דורך דעם צו גאָר נישט געמאַכט די בלוטיגע קאָנספּיראַציעס פון דער הויף־קליקע; דאָס איז געווען דערזעלביגער „פּעבעל", וואָס האָט די גאַנצע רעוואָ־לוציע אויף זיינע פּלייצעס אריבערגעטראָגען, בעצאָהלענדיג דער־פאַר זעהר טייער מיט זיין בלוט.

אָט די קריעגסגעזעצען זיינען נור געווען די התחלה. וואָס ווייטער די רעוואָלוציע איז געגאַנגען פאָראויס אין דער ארבייט פון אויפבויען אַ נייע אָרדנונג אויף'ן פּלאַץ פון דער ארונטער־געריסענער אַלטער, איז אָט די אינווייניגסטע סתירה געוואָרען בולט'ער, שרייענדער. די בורזשואַזיע האָט זאָגאַר צו פריה אַביסעל איהרע קאָרטען געפּענט און איהרע הערשאַפטס־געלוסטען צו אָפען ארויסגעוויזען.

נאָך די קריגסגעזעצען פון 20טען אָקטאָבער 1789, בילדען די געזעצען וועגען פעראיינען פון 11טען יוני 1791 אַ ווייטער־דיגען טריט אויפ'ן וועג פון אויסגעשפּראָכען־קאַפּיטאַליסטישער קלאַסען־הערשאַפט; דורך די געזעצען ווערט פראַנק און פריי געעפענט די טירען פאַר אַלערליי קאַפּיטאַליסטיש־פינאַנציעלע פעראייניגונגען, אָבער עס ווערט בעשטראָפט יעדע פעראייניגונג פון ארבייטער פון אַ פאַך (טרייד) מיט דעם צוועק צו פאַרטיי־דיגען זייערע „כלומרשט'דיגע" געמיינזאַמע אינטערעסען. און צום סוף איז געקומען די קאָנסטיטוציע פון 3טען סעפּטעמבער 1791 און האָט געוואָלט שוין גאַנץ פריה אָט די נייע קלאַסען־הערשאַפט קרוינען און פערפעסטיגען. זי האָט איינגעפיהרט אַ דאָפּעלטע וואהל־סיסטעם, מיט וואהל־מענער אַנשטאָט דירעקטע וואהלען; מיט 249 דעפּוטאַטען וואָס ווערען געוועהלט לויט דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג און אַנדערע 249 וואָס ווערען געוועהלט „לויט דער סומע פון די דירעקטע אָבצאָהלונגען". אויף אַזאַ אופן האָבען די פערמעגענדע קלאַסען בעקומען די פּאָליטישע

הערשאַפט אין זייערע הענד; די פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכ־הייט האָט זיך פערוואַנדעלט אין איהר היפּוך — אין דער הער־שאַפט פון אַ נייעם פּריווילעגירטען קלאַס.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז בלי ספק געווען פיעל מעהר ווי אַ פּאָליטישע רעוואָלוציע. זי האָט אַ טיעפען סאָציאַ־לען און עקאָנאָמישען יסוד אונטער זיך געהאַט. זי האָט ניט נאָר די הערשאַפט איבער דער מלוכה איבערגעגעבען אין אַנ־דערע הענד, נאָר אויך געוואַלטיגע ענדערונגען אַרויסגערופען אין דעם בעזיץ פון נאַציאָנאַלען פערמעגען. אָבער די אויפטואונגען פון דער רעוואָלוציע האָבען ניט געבראַכט קיין „גלייכהייט און ברידערליכקייט צווישען די מענשען". זיי האָבען אַ נייעם קלאַס צו הערשאַפט און הצלחה געבראַכט: די בורזשואַזיע.

די פערטיילונג פון די גיטער, וועלכע מען האָט דעם 2טען דעצעמבער 1789 אַוועקגענומען ביי דער קירך און עס געלאָזען פערקויפען אונטער דעם נאָמען „נאַציאָנאַלע גיטער", האָט קודם־כל זי, די בורזשואַזיע, רייך געמאַכט. פראַנצויזישע, ענגלישע און האָלענדישע קאַפּיטאַליסטישע קאָמפּאַניעס האָבען דעם גרעס־טען טייל פון די גיטער אָבגעקויפט, ווייל עס איז ניט געווען בע־שרענקט ווי פיעל איינער מעג דערפון קויפען. אין די הענד פון די פּויערים איז נאָר אַ גאַנץ קליינער טייל פון די גיטער אַריינגעפאַלען. ערשט אין די פּאָר יאָהר פון דער הערשאַפט פון רעוואָלוציאָנערען פּראָלעטאַריאַט, ביי דעם אויספערקויף פון די פּריצישע גיטער, זיינען שוין אָנגענומען געוואָרען מיטלען, אַז די ערד זאָל אַריין צו די קלענערע מענשען, אָבער דערפאַר האָבען די קאַפּיטאַליסטישע רויבער זיך געלאָזט וואויל־געהן אונ־געשטערט נאָך דעם זיעג פון דער רעאַקציע (נאָך דעם 9טען טער־מידאָר).

די פּויערים האָבען תחלת געמיינט, אַז זיי האָבען דער־גרייכט אַלץ, וואָס זיי האָבען געוואָלט; די שווערע לאַס־טען און אָבצאָהלונגען זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען; זיי זיינען פּערזענליך געוואָרען פריי; די ערד פון זייערע עקספּלואַטאַטאָרען איז ערקלעהרט געוואָרען פאַר נאַציאָנאַלען אייגענטום. אָבער באמת האָבען זיי גאַנץ ווייניג בעקומען פון אַט די „נאַציאָנאַלע גיטער" און האָבען אין היפּאָטעקעס (מאַרטגעדזשעס) און צינזען

געמוזט אָבצאָהלען צו די נייע בעלי בתים, דער בורזשואזיע, וואָס זיי האָבען אָבגעשפּאָרט א דאַנק דער נייער פרייהייט.

דער פּראָלעטאַריאַט פון די גרויסע שטעדט, די אַרבייטער־מאַסען, זיי האָבען לכתחילה אַזוי ווי גאָר ניט בעקומען פון דעם איבערקעהרעניש פון יאָהר 1789. דאָס רעכט זיך צו אָרגאַני־זירען האָט מען ביי זיי אַוועקגענומען; די שטייערען, וועלכע מען האָט אָראָבגענומען פון די גרונדבעזיצער, האָט מען אויף זיי אַרויפגעלייגט אין דער פאָרמע פון די פערהאַסטע ניט־דירעקטע אָבצאָהלונגען אויף לעבענס־מיטלען; דער יקרות איז געשטיגען; די אַרבייטסלאָזיגקייט איז געוואָרען גרעסער; זייערע דירעקטע געגנער, די אונטערנעהמער, זיינען פּאָליטיש און מאַטעריעל פער־שטאַרקט געוואָרען.

דאָך צו פריה האָט די בורזשואזיע געאיילט זיך אָבצושאָק־לען פון די פּראָלעטאַרישע פערבינדעטע. זייער הילף איז געווען נאָך נויטיג. נאָך איז די מאָנאַרכיע ניט געווען טויט; נאָך האָבען די אַלטע פריוויליגירטע קלאַסען דעם קאַמפּף ניט אויפגעגעבען אין די פערבינדעטע מלוכות: ענגלאַנד, עסטרייך, פּרייסען און די קלע־נערע דייטשע שטאַאטען האָבען ערקלעהרט פּאַר זייער עהרען־פליכט צוריק איינצופיהרען אין פראַנקרייך די אַלטע אָרדנונג.

דער פּראָלעטאַריאַט איז ווידער נויטיג געווען כדי די רעוואָ־לוציע צו ראַטעווען און צום זיעג צו ברענגען געגען אָט די אַלע שונאים. און ער איז אויך געקומען, דער פּראָלעטאַריאַט און האָט דעם קאַמפּף געגען אָט די אַלע שונאים אויפגענומען נאָך אין אַ פּיעל מוטיגערער, אונאַבהענגיגערער שטימונג.

די ראַדיקאַלע פּאַרטיי פון דער צווייטער נאַציאָנאַלער פער־זאַמלונג „דער געזעצגעבענדער" (די פערזאַמלונג האָט זיך גע־עפענט דעם 1טען אָקטאָבער 1791), די פּאַרטיי פון דער בורזשו־אַזער אינטעליגענץ, די „זשיראַנדע" איז געווען צו שוואַך אום דיזע שווערע פּראָבלעמען צו לייזען. זי האָט עס איבערגעלאָזען צו די בעלי בתים פון דער נייער, דריטער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג „דעם קאָנוועגט" (זיך געפענט דעם 21טען סעפּטעמבער 1792) — צו דעם פּראָלעטאַרישען בארג („מאָנטאַין"). די „בערגלייט", „מאָנ־טאַניאַרען" זיינען געווען די פערטרעטער פון די פּאַריזער פּראָ־לעטאַרישע קוואַרטאַלען אָדער „סעקציעס". זיי זיינען געקומען אין קאָנוועגט מיט דעם פעסטען בעשלוס דאָס מאָל זיך ניט צו

לאָזען ווידער אָבגאַרען פון דער בורזשואזיע. זיי האָבען דורך דעם קאָנוועגט געוואָלט זיך בעשיצען און פערזיכערען געגען רעכט־לאָזיגקייט און עקאָנאָמישער נויט.

זייער פּאָליטישע פּראָגראַם איז געווען פאָלשטענדיגע דע־מאָקראַטיע, ווי זי איז אויסגעדריקט אין דער קאָנסטיטוציע פון 1793 (קיין מאָל אין קראַפט ניט אַריין). אום די דעמאָקראַטיע צו מאַכען מעגליך האָבען זיי זיך ניט בעגנוגט מיט די פּאַפּירענע רעכ־טע. זיי האָבען איינגעפיהרט אַ בעלוינונג פאַר דעם אנטיילנעהמען אין די פּאָליטישע פערזאַמלונגען פון די „סעקציעס“ (2 פראַנק אַ טאָג) און דערמיט געגעבען די אָרימע בירגער אַ מעגליכקייט צו זיין פּאָליטיש אַקטיוו.

זייער עקאָנאָמישע פּראָגראַם איז בעשטאַנען: 1) אין דער צוציהונג פון די רייכערע קלאַסען צו טראָגען די לאַסט פון דער מלוכה דורך פּראָגרעסיווע שטייערען. און 2) און נאָך מעהר, אין דעם בעשיצען די מאַסען אַלס קאָנסומענטען געגען דעם שוידערלי־כען יקרות. דאָס איז דערגרייכט געוואָרען דורך די איינפיהרונג פון „מאַקסימום“, ד. ה. אַ דעקרעט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דעם 17טען סעפּטעמבער 1793, וואָס האָט בעשטימט די פּרייזען איבער וועלכע מען טאָר ניט פערקויפען קיין לעבענס־מיטלען, בע־זונדערס תבואה, צווינגענדיג צו דערזעלבער צייט די סוחרים צו פערקויפען זייערע סחורות.

אויך דאָס רעכט אויף אַרבייט איז שוין ענטהאַלטען געווען אין דער קאָנסטיטוציע פון 1793. פּאַראַגראַף 21 לויטעט: „די געזעלשאַפט איז מחויב צו שטיצען די אָרימע לייט, אויסזוכענדיג פאַר די אַרבייטסלאָזע פּאַסענדע בעשעפטיגונגען און פערזאָרגענ־דיג מיט לעבענס־מיטלען די, וואָס זיינען אונפעהיג צו אַרבייטען“.

געוויס איז עס נאָך ווייט פון קאָמוניזם און סאָציאַליזם. — פערקעהרט דיזעלבע קאָנסטיטוציע אַנערקענט פּריוואַט אייגענטום אַלס דעם יסוד פון דער געזעלשאַפט און זי זאָגט (אין פּאַראַגראַף 19): „מען קען ביי קיינעם ניט אַוועקנעהמען דעם קלענסטען טייל פון זיין אייגענטום אָהן זיין הסכמה, מיט דער אויסנאַהמע פון די פאַלען, ווען דאָס ווערט געפאָדערט דורך געזעלשאַפטליכער נויט־ווענדיגקייט. אָבער אויך דאַן נאָר אונטער דער בעדינגונג פון פאָר־אויסגעהענדער גערעכטער בעלוינונג“. דאָך דער פּרינציפּ פון סאָציאַלע פּליכטען מצד דער מלוכה צו איהרע בירגער איז פעסט־

געשטעלט געוואָרען דורך דעם קאָנווענט אַלס גזועצגעבענדע קער־פּערשאַפט. איינצעלנע מיטגלידער זיינען דערגאַנגען פיעל נע־הענטער צום סאָציאַליזם. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1794 האָט דער קאָנווענט געפיהרט א הייסען קאַמפּף געגען פּריוואַט אייגענטום און ראָבעספיער אַליין האָט פערטיידיגט א יאַקאָבינישען פּאָר־שלאַג, וועלכער האָט ערקלערט אַז יעדער בירגער האָט א רעכט אויף אייגענטהום, ד. ה. אַז קיינער פון די בירגער טאָר ניט גע־לאָזען ווערן אין גאַנצען אָרים.

פיעל נעהענטער צום קאָמוניזם איז געקומען די רעוואָלוצי־אָנערע שטאָדט־פערוואַלטונג פון פּאַריז פון יענע יאָהרען („די קאָמונע"). די קאָמונע וועלכע האָט פערטראָטען די אונטערסטע סאָציאַלע שיכטען האָט אונטער דער פיהרערשאַפט פון העבערט און זיינע אָנהענגער בעוואוסטזיניג געשטרעבט צו דער איינפיהרונג פון עקאָנאָמישער גלייכהייט. אָבער פּראַקטיש האָבען די העבערטיס־טען ניט פערשטאַנען, ווי זייערע קאָלעקטיוויסטישע שטרעבונגען אין לעבען דורכצופיהרען, און האָבען זיך בעגנוגט מיט פּאַליאַ־טיווען: מיט שפּיטאָלען־און טורמע רעפאָרמען; מיט דעם קאַמפּף געגען ספּעקולאַציעס, און מיט דער זינלאָזער אויסשפּרייטונג פון מאַקסימום־געזעץ אויף אַרבייטס לוין.

דערווייל איז דער שיקזאַל פון דער רעוואָלוציע שוין געווען פּערזיגעלט. נאָך דער הינריכטונג פון קעניג לודאָוויק דעם 16טען (דעם 21 יאַנואַר 1793) איז געקומען די צושמעטערונג פון דער זשיראַנדיסטישער פּאַרטיי דורך דאַנטאָן און מאַראַט מיט דער הילף פון די „לייט אָהן הויזען" („סאַנקיולאָטען") פון דער קאָמונע, דאָס איז געווען דער העכסטער פּונקט פון דער רעוואָלוציע אין איהר וועג אַרויף. זי האָט זיך אָבער דאָרט ניט איינגעהאַלטען לאַנג. די פּאַריזער קאָמונע האָט די לאַנד ניט געקענט בעהערשען אויף לאַנג; דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט פון יענער צייט, זייענדיג אַליין צוזאַמענגעשטעלט פון פערשידענע עלעמענטען, האָט ניט געקענט פיהרען אויף א לענגערע צייט קיין פעסטע, זיכערע און אויפבויענדע פּאָליטיק. דאַנטאָן האָט געמיינט אַז די ענערגישע אַרבייט פון דער גילאָטינע און די הערשאַפט פון טעראָר וועלען קענען פערשאַפען די נויטיגע פעסטקייט פאַר דער רעוואָלוציע. ער האָט אָבער באַלד געמוזט מיט זיין לעבען בעצאָהלען פאַר זיין טעות. די פערניכטונג פון די דאַנטאָניסטען און העבערטיסטען

אין פריהלינג 1794, אַט דער זיעגעס טאָג פון ראָבעספּיער'ן קען בעטראַכט ווערען אַלס דער ווענדע פּונקט, ווען די רעוואָלוציע האָט שוין גענומען זינקען צוריק און האָט זיך אַליין גענומען פערניכטען, אויפעסענדיג איהרע אייגענע בעסטע קינדער. דער פאַל פון ראָבעס־פּיער'ן (דעם 26טען יולי 1794, דער בעריהמטער „8טער טערמי־דאָר“) איז געווען נאָר דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע, וועל־כע האָט זיך שוין פריהער אָבגעשפּיעלט; אין יענעם טאָג איז דער טויט פון דער רעוואָלוציע נאָר בעזיעגעלט געוואָרען.

פון איצט אָן איז אַלץ געגאַנגען באַרג אַראָפּ; נאָך דעם רויטען טעראָר איז געקומען די הערשאַפט פון ווייסען טעראָר — אַ בלו־טיגערע, אַ גרויזאַמערע ווי די ערשטע. די „גאָלדענע יוגענד“, די קינדער פון די צוריקגעקעהרטע עמיגראַנטען און פון דער אויפגע־קומענער בורזשואַזיע האָבען אַרויסגעוויזען אין זייער האַס צום פּראָלעטאַריאַט פיעל מעהר רויהקייט און בלוטדורשט ווי די ער־שטע. די רעוואָלוציע איז געווען טויט; די בורזשואַזיע האָט טריאומפירט; די קאָנסטיטוציע פון 1793 האָט די ליכטיגע וועלט ניט דערזעהן; איהר פּלאַץ האָט פערנומען די קאָנסטיטוציע פון 1795, דורך וועלכער די דעמאָקראַטיע איז אָבגעשאַפט געוואָרען. אנשטאַט אַלגעמיינע וואַהלרעכט — איז געקומען דאָס צענזוס־רעכט, ד. ה. דאָס רעכט פון די פערמעגליכע, פון פערמעגען אַליין; אנשטאַט די בירגער, זיינען די אייגענטימער געוואָרען ערקלערט פאַר די טרעגער פון דער מלוכה מאַכט; די אויפהאַלטונג און זיכערשטעלונג פון פּריוואַט אייגענטום איז ערקלערט געוואָרען פאַר דער הויפּט אויפגאַבע פון דער מלוכה. געפאַלען זיינען, זעלבסט־פערשטענדליך, די עקאָנאָמישע געזעצען פון דער רעוואָלוציאָנס צייט; דער מאַקסימום איז אָבגעשאַפט געוואָרען; דער צוואַנגס־קורס אויף אַסיגנאַציעס איז אויפגעהויבען געוואָרען און דער פּרייז פון אַסיגנאַציעס איז געפאַלען פון 5000 פראַנק אויף 20 פראַנק ווערטה; אַ שרעקליכער קריזיס האָט זיך פערשפּרייט, די אַר־בייטסלאָזיגקייט איז געוואָרען אַלגעמיין. מיט די דאָפּעלטע בייט־שען פון הונגער און פערגוואַלטיגונג האָט די טריאומפירענדע בור־זשואַזיע געקנוטעט דעם פּראָלעטאַריאַט.



## דריטע לעקציע

# די ערשטע טריט פון פראַנצויזישען סאָציאַליזם

(פון באַבייף ביז פוריע)

דעם 20טען מאַי 1795 האָט דאָס פאָלק פון פאַריז צום לעצ־טען מאָל זיך געפּרובירט אויפהויבען אונטער דער פאָהן פון „ברויט און קאָנסטיטוציע פון 1793“. דאָך די פּראָלעטאַרישע סעקציעס זיינען צושלאָגען געוואָרען פון די רייכע סעקציעס. די בורזשואַזיע האָט אויך אין אָפענעם גאַסען־קאַמפּף טריאומפירט. די דעמאָ־קראַטיע איז געווען פערניכטעט, די רעוואָלוציע פערשאָטען אין קבר. דער קאָנוועט האָט זיין בעדייטונג פערלאָרען. די רעגי־רונגס־מאַכט איז קאָנצענטרירט געוואָרען אין די הענד פון דירעק־טאָריום (פון 5 פערזאָן, 27טען אָקטאָבער 1795). אָבער אויך דאָס דירעקטאָריום האָט ניט געקענט לאַנג זיך האַלטען. די ענטוויקלונג איז געגאַנגען אין אַ שנעלען פּראָצעס, אָבער אַלץ מעהר צוריק מיט אַן אייזערנער לאָגיק. אויף דער ביהנע איז אַרויף נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט ; ער האָט גיך קאָנצענטרירט אין זיינע הענד די מאַכט אין דער פאָרמע פון קאָנסולאַט (דעם 9טען נאָוועמבער 1799). באַלד איז אויך די ראַהם איהם ענג געוואָרען און דאָס קאַיזערטהום איז פּראָקלאַמירט געוואָרען. אָט אַזוי זיינען געגאַנ־גען איבערקעהרענישען איינע נאָך דער אַנדערער, אָבער אין דער פערקעהרטער ריכטונג: אַלץ ווייטער פון רעוואָלוציע און פון דעמ־מאָקראַטיע.

דאָך עס איז ניט בעשערט געווען דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אוועקצוגעהן פון דער וועלט, ניט איבערלאָזענדיג קיין מאָנומענט אויך אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם. אַזאַ מאָנו־מענט איז געוואָרען דער „באַבייוויזם“, אָדער די אידעען און שיקזאַל פון פראַנסאָאַ נאָעל באַבייף, וועלכער האָט זיך גערופען גראַקכוס (געבאָרען 1760, הינגעריכטעט דעם 28טען מאַי 1797) און פון זיין „בונד פון די גלייכע“.

באַבייף איז אַרויסגעטראָטען אין פאָדער־גרונד דאַן, ווען די רעוואָלוציע איז שוין געלעגען אַ טויטע ,אַ צוריסענע אין די נעגעל

פון דער ניי־אויפגעקומענער בורזשואַזיע. ער האָט געזאַמעלט די שיריים פון די אַמאָליגע יאַקאָבינּיסטישע כחות: פון די סעקציעס און קלובען. דער ערפאָלג פון זיין „געזעלשאַפט פון פאַנטהעאַנס" און „בונד פון גלייכע" איז געווען גרויס. אין מאַי 1796 האָבען אין פאַריז אַליין זיך געצעהלט 17,000 „גלייכע"; אויך אויף דער פּראָווינץ האָט די בעוועגונג זיך פערשפּרייט. די רעגירונג האָט די קלובען פערמאַכט. דאָך דאָס האָט באַבייף'ס פּלענער ניט גע־קענט טוידטען, ווייל זיין הויפּט פּלאַן איז בעשטאַנען אין דעם: דורך אַ גוט־אָרגאַניזירטען געהיימען בונט זיך צו בעוועלטיגען איבער די רעגירונגס מאַכט. דער בונט האָט געזאָלט אויסגעפיהרט ווערען דעם 10טען מאַי, 1796. דאָך איידער די לעצטע טריט זיינען גע־מאַכט געוואָרען איז דער גאַנצער פּלאַן פון אַ פעררעטער אַרויסגע־געבען געוואָרען; די פיהרער זיינען אַרעסטירט געוואָרען און באַבייף און זיין נאָהענטסטער העלפער דאַרטהע זיינען הינגעריכ־טעט געוואָרען (דעם 28טען מאַי 1797). אַנדערע זיינען אָבגעקור־מען מיט לייכטערע שטראָפען; צווישען זיי האָט זיך געפונען בונאַראָטי, וועלכער האָט נאָכהער די געשיכטע פון דעם אויפ־שטאַנד בעשריבען.

אַ געוואַלטזאַמע שטירצונג פון דער רעגירונג דורך אַ טעראָ־ריסטישען בעפעל איז אַלזאָ געווען באַבייף'ס פּלאַן — קיין נייעס זעהט מען אין דער טאַקטיק ניט. אין דעם זינען איז ער פערבליבען דער אַלטער יאַקאָבינער. „די ווידעראיינפירונג פון דער קאָנסטיטוציע פון 1793" איז געווען דער אָפיציעלער רוף. אָבער דער באַביי־וויזם איז דאָך די ערשטע גרויסע אַרויסטרעטונג פון סאָציאַליזם. און צו פערדאַנקען האָט ער עס זיינע ציעלען. אויף דעם פּלאַץ פון פּאָליטישער רעוואָלוציע האָט באַבייף, צום ערשטען מאָל, אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון סאָציאַלער רעוואָלוציע; אויף דעם פּלאַץ פון „מאַקסימום" און „אַגראַר געזעץ", ד. ה. פערטיילונג פון דער ערד און פּריוואַט בעזיץ און עהנליכע עקאָנאָמישע קאַלטע רפואות, קומט ער אָפען אַרויס מיט דער פאָדערונג פון קאָלעקטי־וויסטישען אייגענטום און קאָמוניזם.

דער „מאַניפעסט פון די גלייכע" — דער רוף צום אויפשטאַנד — „דער אַנאַליז פון דער לעהרע", דער אַקט פון אויפשטאַנד און „די דעקרעטען", וואָס מען זאָל טהאָן אויב דער אויפשטאַנד וועט זיך איינגעבען, בילדען די ערשטע גרויסע קריעגס־רופען פון פּראָ־

לעטאַריאַט, פון „4טען שטאַנד“ אין געגענזאַץ צו אַלע אַנדערע שטאַנדען; פון קאָמוניזם געגען אַלע פאָרמען פון פּריוואַט אייגענטום.

„די פראַנצויזישע רעוואָלוציע — זאָגט דער „מאַניפעסט“ — איז נאָר געווען די פאָראויסזאָגערין פון אַן אַנדער רעוואָלוציע, אַ גרעסערער, אַן ערהאבענערער... וועלכע וועט זיין די לעצטע“. „וואָס דאַרפען מיר אויסער יורידישער גלייכהייט — פרעגט ער — און ענטפערט: „מיר שטרעבען צו גליק, צו דעם אַז אַל־דאָס גוטס זאָל געהערען צו אַלעמען; מיר פאָדערען די אַלגעמיינע בענוצונג מיט די פרוכט פון דער ערד; די פרוכט געהערט אַלעמען. מיר ערקלעהרען, אַז מיר קענען ניט מסכים זיין דערצו, וואָס די גרעסטע מאַיאָריטעט פון די מענשען ארבייט אין שוויים, שאַפענדיג לוקסוס פאַר דער אונבעדייטענדסטער מינאָריטעט. צו לאַנג האָבען אַ מיליאָן פערזאָנען צוגענומען דאָס, וואָס עס געהערט לויט רעכט צו 20 מיליאָנען“.

און אין דעם „אַנאַליז פון דער לעהרע“ לייענען מיר: „די נאַטור האָט געגעבען יעדען איינעם דאָזעלבע רעכט זיך צו בענוצען מיט אַלע גיטער. דער צוועק פון דער געזעלשאַפט איז אָט דאָס רעכט צו בעשיצען און צו פערגרעסען מיט דער הילף פון אַלע בירגער דעם סכום פון די אַלגעמיינע גיטער, די נאַטור האָט ארויפגעלעגט אויף יעדען איינעם אַ פליכט צו ארבייטען“.

אָט דאָס איז געווען די ערשטע אָפענע ארויסטרעטונג פון אָרגאַניזירטען קאָמוניזם. מיט בלוט האָבען בעצאָהלט די ערשטע מוטיגע קעמפּפער, אָבער, בדמיך חיי!

---

באַבייף האָט מיט'ן לעבען בעצאָהלט. דער „באַבייוויזם“ איז נאָך דעם אונגליקליכען אויפשטאַנדס פּלאַן פון דער עפענטליכער ביהנע ארונטער, ניט איבערלאָזענדיג קיינע יורשים. צו פריה זיינען אָט די אָנזאָגער פון אַ נייער געזעלשאַפטס אָרדנונג געקומען. פראַנקרייך האָט געהאַט נאָך אַ גרויסען און קאַפּיטאַליסטישען ענטוויקלונגס פּראָצעס דורכצומאַכען, איידער דער סאָציאַליזם זאָל דאָרט קענען לאָזען טיפע וואָרצלען. און דאָס איז געשעהן אין דעם פעריאָד צווישען דער אויבען געשילדערטער גרויסער רעוואָלוציע פון ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט און דער רעוואָלוציע פון 1848.

די ערשטע העלפט פון 19טען יאָהר־הונדערט איז אין דער גע־שיכטע פון פראַנקרייך געווען אַ פעריאָד פון פיעלפאַכע פּאָליטישע עקספּערימענטען. דריי פאָרמען פון רעגירונגען, דריי געזעלשאַפטליכע קלאַסען האָבען זיך אויסגע׳בעל־בית׳עוועט אין פערלויף פון דעם איין האַלבען יאָהר־הונדערט און איידער דאָס האַלבע יאָהר־הונדערט איז געווען צו ענדע האָט אַ גרויסע רעוואָלוציע — די פעברואַר רע־וואָלוציע פון 1848 — אין גאַנצען צושטערט דעם אַלטען שפּיעל און איבערגעמישט די געזעלשאַפטליכע פּאָזיציעס.

אָנגעהויבען האָט זיך דאָס יאָהר־הונדערט אין רעכטער בלי־הונג פון נאַפּאָלעאָנס מאַכט. די געזעלשאַפטליכע זעלבסט־טעטיג־קייט איז געווען פּאַראַליזירט נאָך די פיעלע איבערלעבונגען פון די רעוואָלוציע־יאָהרען און מען האָט געלאָזען דעם דיקטאַטאָר פריי בעלי־בית׳עווען. ער אַליין, דער אַלמעכטיגער אימפּעראַטאָר, האָט דעם „סטאַטוס קוואָ“, די נייע־געשאַפענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרד־נונג, ניט געוואַגט אפילו צו פּרובירען ענדערען. ער האָט געלאָזען די צושטענדען ווי זיי זיינען. ער האָט זיין גאַנצע ענערגיע און פיבערישע טעטיגקייט אויסגעפּולווערט אויף די גרויסע עראָבערונגס־צוגען, אויסזויגענדיג דערביי די בלוט און די כחות פון פראַנצויזי־שען פאָלק. דער שיקזאַל פון קייזערטום איז געוואָרען אָבהענגיג פון דעם שיקזאַל פון די אַרמעען אויף די שלאַכט־פעלדער.

דערפאַר בעת עס איז געקומען דער גרויסער באַנקראָט און נאַפּאָלעאָנס מאַכט האָט געפּלאַצט, איז עס געווען ניט דאָס פראַנ־צויזישע פאָלק, וועמען עס איז אַנגעטרויט געוואָרען אויפצושטעלען דעם מלוכה־בנין פון דאָס ניי, נאָר די רעאַקציאָנערע פערבינדעטע הערשער, זיי האָבען די גרענדע איבערגענומען. דער רעזולטאַט איז געווען די „רעסטאַווראַציע“ פון יאָהר 1815, די ווידעראיינפיה־רונג פון „געזעצליכען“ קעניגרייך פון דעם הויז בורבאָנען, אין דער פּערזאָן פון געוועזענעם ברודער פון דעם דעם הינגעריכטעטען קעניג לודאָוויק דעם 16טען, דעם גראַף פון פּראָוואַנס. ער האָט אָנגענו־מען דעם נאָמען לודאָוויק דער 18טער און זיין רעגיערונג האָט גע־זאָלט זיין אַ פאָרטזעצונג פון דער אַלטער פאַר־רעוואָלוציאָנערער אָרדנונג. דאָס איז אָבער געוואָרען אונמעגליך. די פּריווילעגיעס און דאָס אייגענטום פון אַדעל און קירך זיינען שוין געווען אויף אייביג פערלאָרען. אַזאַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע איבערקעהרעניש,

וואָס זאָל דעם דריטען שטאַנד אַרויסזעצען פון זאָטעל צוליעב די ערשטע צוויי, איז שוין געוואָרען אויסגעשלאָסען.

לודאָוויק דער 18טער האָט זיך בעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט דעם אַדעל מקרב געווען צו זיך, צום הויף, צו די מלוכה־עמטער, און געלאָזט זיי, צוזאַמען מיט די קאַטוילישע קאָנגרעגאַציעס, פיהרען די גרענדע; דער פּאַרלאַמענט איז ניט אָבגעשאַפט געוואָרען, נאָר די גרויסע פאָלקס־מאַסען זיינען פון וואַהל־רעכט בערויבט געוואָרען. כדי געוועהלט צו ווערען האָט מען געדאַרפט זיין אַלט ניט וויניגער ווי 40 יאָהר און צאָהלען דירעקטע שטייערען ניט וויניגער ווי 1000 פראַנק אַ יאָהר. כדי צו קענען אַנטייל נעהמען אין די וואַהלען האָט מען געדאַרפט צאָהלען ניט וויניגער ווי 300 פראַנק אין דירעקטע שטייערען און אַלט זיין ניט וויניגער ווי 30 יאָהר. אויף אַזאַ אופן איז איהם געלונגען צו בעקומען אַ „קאַמער (פּאַרלאַמענט), וואָס מען קען איהר גלייכען גאָר ניט געפינען", און מיט הילף פון אָט דעם פּאַרלאַמענט האָט ער געקענט אָנגעהן ניט געשטערט מיט זיין רעאַקציאָנערער מלוכה־פיהרונג.

אָבער דער ציעל פון דער דעמאָלטדיגער רעגיערונגס־פּאָליטיק — די הערשאַפט פון אַדעל — איז געשטאַנען אין אַלץ מעהר שרייענדען ווידערשפּרוך צו דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, וועלכע איז געגאַנגען אַלץ פאָרווערטס. דער קאַפּיטאַליזם האָט געהאַלטען אין אויסשפּרייטען זיך; דער פערקעהר איז געוואָרען רעוואָלוציאָנירט; דער אויסען־האַנדעל איז געשטיגען; די ראָלע פון פינאַנץ איז געוואָרען אַלץ גרעסער. און אַלץ רייכער און ברייטער אין דער דעה ביי זיך איז געוואָרען די בורזשואַזיע און אַלץ מעהר אונצופרידען איז זי געוואָרען מיט דער פּאָליטישער הערשאַפט פון אַדעל.

דער וואוקס און ענטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט געבראַכט דערצו, אַז עס איז אויפגעשטאַנען און זיך גענומען פערמעהרען אין צאָהל און זיך ענטוויקלען אין גייסט אַ מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט אַלץ קלאָרער און שאַרפער גענומען פיהלען זיין פערגוואַלטיגונג און זיין רעכטלאָזיגקייט.

אָט אין דער סאָציאַל־פּאָליטישער סביבה איז אויסגעוואַקסען דער סאָציאַליסטישער אוטאָפּיזם. סען סימאָן (קלאָד הענרי דע ראָווראָאַ, גראַף פאָן סען סימאָן, געבאָרען דעם 17טען אָקטאָבער 1760, געשטאָרבען דעם 19טען מאַי 1825) און פוריע (פראַנסאָאַ

מאַרי שאַרל פוריע, געבאָרען דעם 7טען אַפּריל 1772, געשטאָרבען דעם 10טען אָקטאָבער 1837) — דיזע צוויי גרויסע פאָרשטעהער פון אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם האָבען ביידע ענטוויקעלט זייערע לעהרען אונטער דעם איינדרוק פון וואקסענדען, אָבער נאָך ניט פאָלשטענדיג־בעפרייטען און ענטוויקעלטען קאַפּיטאַליזם אָדער אינ־דוסטריאַליזם. דערפאַר האָבען זיי געהאַלטען פאַר די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דעם מענשליכען פאָרשריט די פאָלשטענדיגע פרייע ענטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיש־אינדוסטריעלער טעטיגקייט; זיי האָבען אָבער נאָך ניט איינגעזעהן טיעף גענוג דעם אינווייניגסטען ווידערשפרוך, דעם קלאַסען־געגענזאַץ אין דער ווייט און פאָלקאָמען ענטוויקעלטער אינדוסטריע גופא. די אַלע סאָציאַלע אונגערעכ־טיגקייטען, נויט און עלענד, וואָס קומען ארוים פון דער פרייער קאָנ־קורענץ, געגען וועלכער זייער קריטיק ווענדעט זיך אזוי שאַרף, קע־נען, נאָך זייער מיינונג, אָבגעשאַפט ווערען דורך דעם פּראָצעס פון רעאָרגאַניזירען די פּראָדוקציע, אָנהאַלטענדיג אָבער אין דער אָדער יענער פאָרמע, איז דער אָדער יענער מדרגה דאָס פּריוואַט־אייגענטום. ניט איינזעהענדיג דעם אינווייניגסטען קלאַסען־געגענזאַץ צווישען די צוויי גרויסע אַנטיילנעהמער אין דער אינדוסטריע גופא, האָבען זיי ניט געקענט אויך געפינען קיין וועג ווי אזוי ארויסצופיהרען די מענשהייט פון דער פינסטערניש צו ליכט; זייערע סאָציאַלע פּלע־נער האָבען זיי געבויט אויפ'ן לופט, אויף דעם גוטען ווילען און שעהנע געפיהלען פון די מענשען; און זיי זיינען געוועזען אזוי נאַאיוו צו האָפען און ערוואַרטען, אַז די זעלבע מענשען, וועלכע זיינען פער־אינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דער איצטיגער אָרדנונג, דאָס זיי זאָלען זיין די אָבשאַפער פון אָט דער אָרדנונג. די גרויסע בעדייטונג פון אינטערעסען — קלאַסען־אינטערעסען — אין דער געזעלשאַפט איז זיי נאָך געווען אין גאַנצען פרעמד. דערפאַר האָ־בען זיי קיין אַהנונג ניט געהאַט, אַז עס איז מעגליך אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע און קיין פערשטענדניש ניט געהאַט פאַר פּאָליטישע טעטיגקייט. זיי זיינען געבליבען אַ לעבען־לאַנג סאָציאַלע אוטאָ־פּיסטען.

סען־סימאָן, דער גרויסער פילאָזאָף פון דער היסטאָריע, האָט ענטדעקט אין דער מענשליכער געשיכטע דעם פּרינציפּ פון ענטוויק־לונג און פערפאָלקאָמונג. דער יסוד פון דער געזעלשאַפט איז ניט די פאָרמע פון רעגיערונגס־פערוואַלטונג, — לערנט ער, — נאָר די

פאָרמע פון אייגענטום. ביז איצט איז די היסטאָריע געגאַנגען אויפ׳ן וועג פון עקספּלואַטאַציע פון מענשען דורך מענשען. אַט די עקספּלואַטאַציע האָט דורכגעמאַכט עטליכע פאָרמען פון ענטוויקלונג. פריהער אַלס שקלאַף, נאָכהער אַלס לייב־קנעכט, איצט אַלס לוין־אַרבייטער. עס איז אָבער געקומען די צייט, ווען די מענשהייט דאַרף אָרגאַניזירט ווערען אויף אַן אַנדער פּרינציפּ, נעמליך ווי אַם בעסטען פון דער נאַטור אַרויסצוברענגען אַלע איהרע אוצרות. עס מוז פאַר־גענומען ווערען די אָרגאַניזירונג פון דער אינדוסטריע און פעסט־געשטעלט מוז ווערן די הערשאַפט פון אינדוסטריעלען קלאַס, ד. ה. פון די אייגענטימער און אַרבייטער צוזאַמען, לויט דעם פּרינציפּ „יעדען נאָך זיינע פעהיגקייטען און יעדער פעהיגקייט לויט איהר אַרבייט“. דאָס קען אָבער, — מיינט סען סימאָן, — ניט געטאָן ווערען פון דער דעמאָקראַטיע דורך אַ רעוואָלוציע, נור פון אַ פעס־טער, צענטראַליזירטער מאַכט, פון אַ מין אויפגעקלערטען דעספּאָט, אונטער דעם צודעק פון אַ נייער רעליגיע, „דעם נייעם קריסטענטום“, וואו גלויבען און וויסענשאַפט, גייסט און פלייש זאָלען זיין פעראייניגט.

אין איהר אָריגינעלער געשטאַלט האָט אַט די לעהרע סען סי־מאָן׳ס ענטהאַלטען אין זיך סאָציאַליסטישע זאַמען, אָבער עס איז נאָך וויט ניט געווען קיין קאָמוניסטישע לעהרע. עס איז דערפאַר געווען דער גרויסער היסטאָרישער אויפטו פון זיינע שילער צו סיס־טעמאַטיזירען די איינצעלנע געדאַנקען פון לעהרער און פון זיי די וויטערדיגע סאָציאַליסטישע שלוסען צו ציהען. זיי, די שילער, האָבען אין שאַרפערע טענער און מיט גרעסערער קלאָרקייט גענומען ריידען וועגען די שאָטענזייטען פון דער עקזיסטירענדער געזעל־שאַפטס־אָרדנונג, אָנווייזענדיג אויף דעם אונגערעכטען בעזיץ פון אייגענטום און זיי זיינען געקומען צו דער פּראַקטישער פאָדערונג, אַז דאָס ירושה־רעכט זאָל געענדערט ווערען: ניט די איינצעלנע פאַמיליע, נור דער שטאַאַט זאָל ווערען דער יורש. ערשט דאַן וועט מעגליך זיין, אַז יעדע פעהיגקייט זאָל קענען זיך ענטוויקלען. די גלייכהייט פון די מענשען, דעם קאָמוניזם, האָבען זיי אויך פער־וואָרפען. זיי האָבען אָבער געוואָלט, אַז יעדערער זאָל קענען אָר־גאַניזירען זיינע קרעפטען, ניט געשטערט דורך די גע׳ירש׳נטע פּריווילעגיעס, לויט זיינע פעהיגקייטען. און דערפאַר זאָלען אַלע קאַפּי־טאַלען פעראייניגט ווערען אין אַ געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע,

אין אַ מעכטיגער קרעדיט־אָרגאַניזאַציע, אַ צענטראַל־באַנק, מיט אונטער־באַנקען און לאָקאַלע באַנקען, וועלכע זאָלען דורכפיהרען די פערטיילונג. די אָרגאַניזאַציע זאָל אויפגעבויט ווערען אין אַ געוויסער יעראַרכיע פון נידעריגער צו העכער מיט אַן אבערהויפט, אַ מין קעניג־פּייפּסט בראש.

צווישען די שילער פון סען סימאָן זיינען די בעריהמטעסטע געוועזען אַנפאַנטען און באַזאַר. זיי האָבען אָרגאַניזירט די סען־סימאָניסטען אין „אַ פאַמיליע" מיט צוויי „אייבערשטע פאָטערס" בראש. אָט די „פאַמיליע" איז באַלד שטאַרק פערשפּרייט געוואָרען; אין יאָהר 1831 האָבען 40.000 פּערזאָן אָפיציעל געהערט צו דער סען־סימאָניסטישער רעליגיע. דאָך, עס האָט ניט גענומען לאַנג און אַ טיעפע שפּאַלטונג איז פאָרגעקומען צווישען די ביידע „פאָטערס" און זייערע אָנהענגער צוליעב דער פראַגע וועגען די „מוטערס", אָדער וועגען דער „פרייער ליעבע". באַזאַר און זיינע אָנהענגער האָבען די „פאַמיליע" פערלאָזען; באַלד איז זי אין גאַנצען צופאַלען. דער „פאָטער" אַנפאַנטען מיט 40 „קינדער" האָבען זיך צוריקגעצויגען אויף זיין גוט מענלימאָנטאַן, זיך בעשעפטיגענדיג דאָרט מיט ערד־אַרבייט. דאָך אַ פראָצעס וועגען אונמאָראַלישער אויפפיהרונג, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט דער בעשטראָפונג פון אַנפאַנטען און צוויי אָנהענגער צו אַ יאָהר געפענגניס, האָט די „פאַמיליע" געבראַכט צו צעפאַלען זיך. פון דעסטוועגען האָט דער סען־סימאָניזם אַלס קולטורעלע ערשיינונג און סאָציאַלע לעהרע זיך שטאַרק פערשפּרייט ווייט איבער די גרענעצען פון פראַנקרייך און איז געווען אין די 30־ער און 40־ער יאָהרען אַ קוואַל פון גייסטיגער און סאָציאַלער אויפקלערונג פאַר דער אינטעליגענץ. צו די אַרבייטער מאַסען איז ער ווייניג וואָס דערגאַנגען.

פיעל שאַרפער אין זיין פעראורטיילונג פון דער איצטיגער געזעלשאַפט און פיעל נעהענטער צום סאָציאַליזם איז פוריע. אונבאַרמהאַרציג דעקט ער אויף די שאַנדע פון דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפטס־אָרדנונג, וועלכע איז געבויט אויף „דעם אייביגען קריעג פון אַלעמען געגען אַלעמען", אויף דער בלינדער קאָנקורענץ. ער געפינט אין דער איצטיגער געזעלשאַפט אַ גאַנצע רייהע פון קלאַסען, וועלכע ער רופט אָן „סאָציאַלע פּאַראַזיטען": דאָרט שטעלט ער אריין לעבען די גאַסען־פרויען — ליידיג־געהער און „סאָפיסטען", אויך סאָלדאַטען, בעאַמטע, פאַבריקאַנטען און,

ועל כולם, די אַלע קלאַסען און גרופּען, וועלכע שטעהן צווישען די פּראָדוצענטען און קאָנסומענטען, צווישען דער שאַפונג פון סחורות און זייער פערברויך, די הענדלער און זייערע יוצר משרתים. געגען זיי איז זיין האַס בעזונדערס ברענענדיג.

זיין געזעלשאַפט אידעאַל איז די ברייטערע פּראָדוקטיווע קאָאָפּעראַציע („פאַלאַנסטער"), וואָס זאָל בעשטעהן פון א 1500—1600 נפשות און וואָס זאָל קענען אַליין בעפריעדיגען אַלע איהרע בעדערפנישען, זייענדיג א פעראייניגונג פון אַקערבוי מיט אינדוסטריע. אין דער פאַלאַנסטער גופא וועט יעדער איינער פיזיש און מאָראַליש קענען זיין בעפריעדיגט, ווייל עס וועט דאָרט זיין פּלאַץ גענוג פאַר יעדען איינעם צו טאָן די זאָרט ארבייט, צו וועלכער ער האָט א תשוקה. דערביי האָט פוריע אויפגעשטעלט א טעאָריע וועגען דער ראָלע און בעדייטונג פון פרייע נייגונגען אָדער ליידענשאַפטען אין מענשליכען לעבען און האָט זיך בעפלייסט אויפצואווייזען, אז אַלע צרות זיינען געקומען ביז איצט דערפון, וואָס די מענשען זיינען ניט געווען פריי זייער לעבען איינצואָרדנען נאָך זייערע תשוקות און ליידענשאַפטען.

אין פאַלאַנסטער גופא וויל פוריע קיינעם ניט בעראַבעווען און ניט קריוודען. קאָמוניזם איז דאָרט ניט פאַראַן. עס וועט ניט געהערען אַלץ צו אַלעמען, נאָר פאָראויס וועט בעשטימט ווערען וויפיעל עס זאָל וועמען געהערען פון דער „האַרמאָניש" געפיהרטער געמיינזאַמער ארבייט. עס איז א מין גרויסע אַקציען-געזעלשאַפט, וואו פינף-צוועלפטעל פון דער הכנסה זאָל געהערען צו דער ארבייט, פיער-צוועלפטעל צו קאַפּיטאַל און דריי-צוועלפטעל צו טאַלאַנט. שווערע און אונאַנגענעהמע ארבייט וועט זיך בעסער בעצאָהלען; אָבער ניט דערגעהענדיג צום קאָמוניזם אַנערקענט דאָך פוריע דעם סאָציאַלען פּרינציפּ אַלס יסוד. ער פאָדערט פאַר יעדען דאָס רעכט אויף ארבייט און דאָס רעכט אויף א רוהיגען, זאָרגלאָזען, געזיכערטען לעבען.

זיין שוואַכסטער פּונקט איז געלעגען אין דעם, וואָס ער האָט פאַר זיך קיין וועג ניט געזעהן ווי אַזוי צו קומען צו דער נייער אָרדנונג. ער האָט אַלע זיינע האָפנונגען געלעגט אויף דער גוטסקייט און אויפקלערונג פון די הערשער און עקספּלואַטאַטאָרס אַליין; פון פּאָליטיק האָט אויך ער קיין שום אהנונג ניט געהאַט און אויך ניט פון דער ארבייטער בעוועגונג און רעוואָלוציע.

די צוויי גרויסע וואפען־שמיעדער פאר דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציע, וועלכע האָבען אזא גרויסען רעוואָלוציאָנירענדען איינפלוס געהאט אויף דעם סאָציאַלען דענקען, האָבען אויף אזא אופן זיך אליין אָבגעשניטען דעם וועג צום פראָלעטאריאט. דער ארבייטער־קלאס האָט ניט געקאָנט זיך לאָזען בעאיינפלוסען פון די הארמאָ־ניש־פריעדליכע פזמנות, בעת ארום האָט געהערשט דער בלוטיגער קלאסען־קריעג. זייערביידענס איינפלוס דירעקט אויף די ארביי־טער־מאסען איז דערפאר געווען ניט גרויס, און אויף וויפיעל דער איינפלוס איז נעגאנגען, איז עס געווען ניט די פריעדליכע פראָ־פאגאנדא, נאָר די פערניכטענדע קריטיק פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג און די חלומות וועגען א שעהנער גליקליכער וועלט, וואָס האָבען די ארבייטער־מאסען פעראינטערעסירט אין אָט די לעהרען.



פערטע לעקציע

## פון דער יולי רעוואָלוציע ביז דער פעברואַר רעוואָלוציע

(פון 1830 ביז 1848).

אין דער צייט ווען די גרויסע אוטאָפּיסטען סען־סימאָן און פוריע האָבען געחלומט ווענען אַ שטילען, פריעדליכען איבערגאַנג צו אַ נייער געזעלשאַפט פון אחדות און האַרמאָניע, איז די פראַנצויזישע ווירקליכקייט אַליין געווען גאַנץ ווייט פון סאָציאַלען פריעדען און האַרמאָניע; די אינערליכע סתירות פון דער ווידער־הערגעשטעלטער („רעסטאַוורירטער") בורבאָנישער מלוכה־פיהרונג מיט דער הערשאַפט פון די אדליגע פּאַראַזיטען בראש זיינען געוואָרען בעזונדערס שרייענדיג בעת דער העכסט־רעאַקציאָנערער און פון אַלעמען פעראַכטעטער ברודער פון לודאָוויק דעם 18־טען, דער גראַף אַרטואַ, האָט בעשטיעגען דעם טראָהן אונטער דעם נאָמען קאַרל דער 10־טער (דעם 16טען סעפּטעמבער 1824). פון יעמאָלט אָן איז דער פּאָליטישער לעבען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטענדיגע אָפענע מלחמה צווישען רעגיערונג און פאָלק. פערלירענדיג מיאוס ביי די וואַהלען צום פּאַרלאַמענט אין יאָהר 1830 איין מאָל און צוויי מאָל, האָט קאַרל דער 10טער דורך זיינע „אָרדאָנאַנסען" (אוקאַזען) געגען דער פּרעסע, פערזאַמלונגען און פּאַרלאַמענט געמיינט דורכצופיהרען אַן „איבערקעהרעניש פון אויבען" („קו ד'עטאַ"). דער ענטפער איז געווען די יולי־רעוואָלוציע פון 1830, וועלכע האָט אָבגעראַמט פון וועג די גאַנצע ממשלה פון די בורבאָנס און אין אַ אייביגען קבר בעגראָבען די לעצטע האָפנונגען פון אדעל צו קומען ווידער צו הערשאַפט.

די יולי־רעוואָלוציע — ווי די פריהערדיגע און שפּעטערדיגע רעוואָלוציעס — איז דורכגעטראָגען געוואָרען אויף די פּלייצעס פון פּראָלעטאַריאַט; די שטאָדטישע מאַסען האָבען אויף די באַריקאַדען די נייע פרייהייטען אויסגעקעמפט. אָבער די פרוכט

פון דעם זיעג איז ניט פאַר זיי געווען געגרייט. די מאַסען האָבען זייערע לעבענס מקריב געווען אויף די באַריקאַדען, קעמפּפענדיג פאַר דער רעפּובליק און פרייהייט. אָבער צו זיעג געקומען איז גאָר דער פּרינץ פון אָרלעאַנס, וועלכער איז געוואָרען קעניג לואי־פיליפּ, און צוזאַמען מיט איהם — די הויכע בורזשואַזיע.

די אַרבייטער־מאַסען זיינען ווידער אַמאָל אויפ'ן מיאוס'טען אופן אָבגענאַרט געוואָרען. די גרויס־בורזשואַזיע און הויך־פינאַנץ מיט די הערדען לאַפּיט, טיער, גיזאָ וחברותא האָבען זיך אוועקגעזעצט בעל־בית'עווען איבער פראַנקרייך. זיי האָבען אין די רעגיערונגס־לייצעס אין זייערע הענד אריינגענומען, אין די קעשענעס פול געמאַכט. „לאָמיר זיך רייך מאַכען" — איז געווען זייער מאָטאָ, און זיי האָבען זיך רייך געמאַכט! נייע, גרויסע אונטערנעהמונגען האָבען זיי געגרינדעט, פאַר די מיטעל־קלאַסען די קאָנקורענץ אונמעגליך געמאַכט און צעהנדליגע טויזענדער געוועזענע זעלבסטשטענדיגע האַנדווערקער אין לוין־שקלאַפען פערוואַנדעלט.

אויף דעם יסוד פון דעם טיעפען עקאָנאָמישען געגענזאַץ צווישען אָט די אויבערשטע שיכטען פון דער בורזשואַזיע און די אַנדערע עלעמענטען פון געוועזענעם פעראייניגטען דריטען שטאַנד איז אויך אויפגעוואַקסען אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכער געגענזאַץ. קומענדיג צום רודער האָבען די נייע „לייט היינטער'ן טראָן" אָבגענאַרט די פאָלקסמאַסען און ניט דערלאָזען זיי האָבען אַ חלק אין דער רעגיערונג; דאָס וואהל־רעכט איז געוואָרען אַ פּריווילעגיע פון די „אויבערשטע צעהנטויזענד".

ענטטוישט און פערביטערט זיינען געוואָרען די מיטעלקלאַסען און אָנגעהויבען פּלאַנעווען געהיימע קאָנספּיראַציעס ווי אַזוי אָבצוראַמען אויך די נייע רעגיערונג פון וועג און איינצופיהרען די רעפּובליק.

אין דערזעלבער צייט איז די שפּאַלטונג פון דער געזעלשאַפט געגאַנגען נאָך ווייטער. דער אַרבייטער־קלאַס האָט דערפיהלט אַז אויסער דער געמיינזאַמער פאָדערונג פון אַ רעפּובליק, האָט ער אַנדערע פאָדערונגען פאַר זיך אַליין, דורך וועלכע ער אונטערשיידעט זיך פון אַנדערע קלאַסען. דער גרויסער אויפשטאַנד פון די וועבער אין דער ליאָנער פאָרשטאָדט „קראָאַ רוס" פון סוף 1831, ווען צעהנדליגע טויזענדע אַרבייטער האָבען מאַרשירט אונטער שוואַרצע פאָהנען וואָס האָבען געטראָגען דעם אויפשריפט

„ברוים אָדער טוידט“, האָט תחלת נאָר נישט געהאַט צו טהאָן מיט פּאָליטיק, גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט רעפּובליק. ער איז אָנגעפיהרט געוואָרען ניט פון רעוואָלוציאָנערען, נאָר פון די אַלט־מאָדישע געגענזייטיגע הילפס־געזעלשאַפטען, און זייענדיג דערצו נאָך שלעכט אָרגאַניזירט איז ער ניט אין שטאַנד געווען וואָס עס איז פּאָזיטיוועס צו דערגרייכען. דאָך האָט דיזער ערשטער ליאָנער אויפשטאַנד געלאָזען טיעפע פּאָליטישע שפּורען אויך. די בור־זשואזיע האָט דערזעהן אין דעם דאָס ערוואַכען פון דער סאָציאַלער געפאַהר און זיך פאַר דער קנוט געכאַפּט . דער אַרבייטער־קלאַס האָט געלערנט ביי דעם ערשטען אויפשטאַנד, און נאָך מעהר ביי דעם ווייטערדיגען ליאָנער אויפשטאַנד פון 1834, וועלכער איז ווייַ־דער אין בלוט דערטרונקען געוואָרען און האָט נאָך זיך אַ רעאַק־ציאָנערען פעראיינסגעזעץ געבראַכט, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמפּף ווערט פּונקט אַזוי מערדעריש אונטערדריקט, ווי אַ פּאָליטישער בונט. און זיין האַס און נקמה־געפיהל האָבען ערוואַכט. דער פּועל־יוצא איז געווען אַז ער האָט זיך גענומען דערנעהנטערן צו די רע־פּובליקאַנער געהיימע אָרגאַניזאַציעס ; יענע פון זייער זייט האָבען מיט מעהר אכטונג גענומען זיך פערהאַלטען צום אַרבייטער־קלאַס. און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אין פערלויף פון נעקסטען יאָהרצעהנדליג האָבען די מיטעל־קלאַסען און דער פּראָלעטאַריאַט זיך ענג פער־בונדען און ענערגיש זיך אָרגאַניזירט אין די געמיינזאַמע געהיימע פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטען : „די פריינד פון פאָלק“, „די מענשענרעכטע“, „די פאַמיליען“, „די סעזאָנען“.

דער הויפּט־צוועק פון די אַלע געזעלשאַפטען איז געווען די אָר־גאַניזירונג פון אויפשטאַנדען, כדי מיט געוואַלט צו שטירצען די רע־גיערונג און איינצופיהרען די רעפּובליק. די נשמה פון אַט דער גאַנצער בעוועגונג זיינען געווען אוגוסט בלאַנק און באַרבע, און דערפאַר האָט די גאַנצע טאַקטיק פון אָרגאַניזירען געהיימע בונטען, קאָנספּיראַציעס און אויפשטענדען פון טאַפּפערע גרופּען, כדי דורך אונערוואַרטעטע בעפאַלען צו שטירצען די רעגיערונג, בעקומען דעם נאָמען בלאַנקיזם. דאָך אונטער דעם איינפלוס פון די פּראָלעטאַ־רישע עלעמענטען האָט אויך אַ שטאַרקער קאָמוניסטישער שטראָם זיך אין די געהיימע געזעלשאַפטען אריינגעצויגען. זייער לעבען איז אָבער ניט געווען קיין לאַנגער. פיעל אָפענע צוזאַמענשטויסען מיט דער רעגיערונגס־געוואַלט, און נאָך מעהר פּראָוואָקאַציעס, האָ־

בען די מייסטע פון דיזע געזעלשאַפטען אין אָבגרונד געצויגען און אויך די פיהרער פאַר לאַנגע יאָהרען אונשעדליך געמאַכט. אין אַזוי זיינען זיי צו ענד פון די 30־ער יאָהרען געווען אויסגעשפּיעלט.

די לעצטע צעהן יאָהר פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848 האָבען אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג געטראָגען מעהר אַן אויפבויענדען, שאַפענדען כאַראַקטער. אין אָט די 40ער יאָהרען איז דער וואוקס פון אינדוסטריאַליזם אַנגעגאַנגען מיט ריעזענטריט אויך אין פראַנקרייך, אָבער צוזאַמען מיט דער פערמעהרונג פון עשירות האָבען זיך אויך פערשטאַרקט די שאָטענזייטען פון קאַפּיטאַליזם. די עקאָנאָמישע קריזיסען זיינען געוואָרען אָפטע געסט. די יאָהרען 1846 און 1847 זיינען געווען בעזונדערס שרעקליך; זייערע בעגלייטער: ארבייטסלאָזיגקייט, עלענד און הונגער, האָבען געבושעוועט; דאַן האָט דער ארבייטער־קלאַס גענומען מיט מעהר אויפמערקזאַמקייט זיך צוהערען צו דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדא, און דער סאָציאַליסטישער געדאַנק אַליין האָט זיך ווייטער ענטוויקעלט און געפונען נייע פאָרשטעהער.

די לעהרען פון סען סימאָן און פוריע זיינען געוואָרען מעהר פערשפּרייט, און האָבען דערצו געפונען נייע תלמידים, וואָס האָבען זיי ווייטער ענטוויקעלט און פּאָפּולערער געמאַכט. דער סען־סימאָניזם האָט אַזא תלמיד געפונען אין דער פּערזאָן פון פּיער לערו, דעם גרינדער פון „קריסטליכען סאָציאַליזם"; דער פוריעריזם האָט געפונען אַ גלענצענדען רעוואָלוציאָנערן שילער אין דער פּערזאָן פון וויקטאָר קאָנסידעראַן (געב. 1808, געשטאָרבען 1894). די פּריעדליכע האַרמאָניע־חלומות פון זיין לעהרער פוריע האָט קאָנסידעראַן אין רעוואָלוציאָנערע וואַפען איבערגעשמיעדט און זיי אַלס צינדרטשטאָף אין פּאָליטישען קאַמפּף אריינגעוואָרפען.

דער פּראַקטישער לאָזונג פון דיזען יאהרצעהנדליג איז געווען „דאַס רעכט אויף אַרבייט דורך אָרגאַניזירונג פון דער אַרבייט", און עס איז געווען דער גרויסער פערדיענסט פון לואי בלאַן (געבאָרען 1811; הויפּטווערק „אָרגאַניזאַציע פון דער ארבייט" איז ערשיענען אין יאָהר 1839; געשטאָרבען אין יאָהר 1882), וואָס ער האָט דיזער פאָדערונג צוגעגעבען אַ פּראַקטישע ווענדונג און איהר ווייט און ברייט פּאָפּולער געמאַכט. זיין הויפּט־אַגיטאַציע איז געפיהרט געוואָרען געגען דער פרייער קאָנקורענץ, דער קוואַל פון אַלע סאָציאַלע אונגליקען. זי קען אויסגעמיעדען ווערען — זאָגט

לואי בלאַן — נאָר דורך דעם, וואָס די ארבייט וועט ווערן אָרגאַ־ניזירט. זאָלען געגרינדעט ווערען וואַרקשטאַטען, וואו די ארביי־טער פון בעטרעפענדען פאַך זאָלען אליין זיין די בעלי־בתים; דער שטאַאַט זאָל זיי געבען די מיטלען דיזע פּראָדוקטיוו־קאָאָפּעראַטיוועז צו גרינדען און זאָל אויך פיהרען די קאָנטראָלע. די הכנסה זאָל געטיילט ווערען אין דריי טייל: 1) גלייך פאַר אַלעמען, 2) פאַר די אַלטע און אַרבייטס־אונפעהיגע און 3) פאַר'ן איינקויף פון מאַ־טעריאַלען. אָט דיזע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע וואַרקשטאַטען וועלען די גאַנצע אינדוסטריעלע טהעטיגקייט ביסלעכוויז אין זיך אריינציהען. לואי בלאַן האָט אויסגעארבייט אַ גענויען פּלאַן ווי דיזען פּאַרשלאַג דורכצופיהרען אין לעבען.

דער רוף האָט געפונען אַן אָבקלאַנג איבעראַל, ווייל עס איז געווען דער אָבקלאַנג פון דער שטימונג פון דער צייט. און טאַקי דערפאַר האָט געקענט געשעהן דאָס די שוואַכסטע זייטען פון אָט דער נייער אוטאָפּיע צו וועלען אָבשאַפען ארבייטסלאָזיגקייט ניט אָנריהרענדיג איהר הויפּט־קוואַל, די איבער־פּראָדוקציע, און גאָר צו ערוואַרטען אַז אָט די שוואַכע שעפּסעל, די וואַרקשטאַט, וועט אויפעסען די קאַפּיטאַליסטישע וועלף, זיינען גאָרניט בעמערקט גע־וואָרען דאַן, כאָטש איצט זעהט יעדער קריטיש אויג די אַלע גרונד־פעהלערן.

לואי בלאַן איז ניט געווען דער איינציגער וואָס האָט געמיינט דורך פריעדליכע אָרגאַניזירונג פון דער ארבייט צו לייזען די סאָ־ציאַלע פראַגע. אין אַן אַנדער פאָרמע, אין דער פאָרמע פון אַן אַל־געמיינער באַנק, וועלכע זאָל געבען אַלעמען אונענטגעלטליכען קרע־דיט, האָט אויך פּרודאָן (פּיער זשאָזעף פּרודאָן, געבאָרען 1809, געשטאָרבען 1865) געפּריידיגט די אָרגאַניזירונג פון ארבייט. נאָר אָט דער פאָטער פון אַנאַרכיזם איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער געגנער פון שטאַאַטס־הילף, פון שטאַאַט גופא. ער האָט געמיינט אַז דאָס קען געטהאָן ווערען גאָר פון זיך אליין. פּרודאָנס הויפּט־ווירקונג האָט זיך געפיהלט שפּעטער, נאָך דער רעוואָלוציע פון 1848. צוליעב זיין פאַרביסענעם האַס געגען קאָמוּ־ניזם און סאָציאַליזם געהערט ער אייגענטליך ניט אַהער, אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. דאָך זיין איינפלוס האָט זיך געפיהלט שטאַרק און אויך אין דעם בעשריבענעם יאַהרצעהנדליג. זיינע שאַרפע און שווער־געלאָדענע

אַטאַקעס אויפ'ן פּריוואַט אייגענטום (בעריהמט איז זיין וואָרט: „וואָס איז אייגענטום? דער ענטפער לויטעט: „אייגענטום איז גנבה" !) און שטאַאַט האָבען דאָך געהאָלפען פיעל צו שאַפען די אַטמאָספערע פון סאָציאַל־פּאָליטישער אויפרעגונג, וועלכע האָט געפיהרט צו דער גרויסער אויפטרייסלונג פון פעברואַר 1848.

נאָך גרעסער איז געווען דער איינפלוס פון קאַבע (עטיען קאַבע, 1788 ביז 1856) און זיין בעריהמטער סאָציאַליסטישער אוטאָפּיע „די רייזע נאָך איקאַריען" (ערשינען אין יאָהר 1846). ער איז געווען דער עכטעסטער און אויך פּאָפּולערסטער פאָרשטעהער פון אַרבייטער־קאָמוניזם האַרט ערב דער פעברואַר רעוואָלוציע. ער איז געווען אין דער פּאָליטיק רעוואָלוציאָנער־יאַקאָבינסטיש; אין זיינע סאָציאַלע געדאַנקען — אַן אוטאָפּיסט פון ריינעם וואַסער; צום קאָמוניזם איז ער געקומען דורך דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט; ער האָט געהאָפט, אַז מען קען אַריינשפּרינגען אין קאָמוניזם פריעד־ליך. אָבער ער האָט געפאָדערט די הערשאַפט פון דער דעמאָ־קראַטיע אַלס איבערגאַנגס־צייט און איז אין דער פּראָפּאַגאַנדאַ פון דער פּאָליטישער רעוואָלוציע געווען דער הייסעסטער און אייפריג־סטער און איינפלוסרייכסטער פערטרעטער.

אַ גאַנצער מבול פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער שטימונג האָט זיך דאַן צוגאָסען אין דער ליטעראַטור און וויסענשאַפט. לעבען די אויסגערעכענטע נעמען קומען נאָך אין בעטראַכט ווידאַל און בושע אין דער טעאָריע, אייגען סיו און זשאָרזש סאַנד אין ראָ־מאַן, בעראַנזשע און וויקטאָר הוגאָ אין דער פּאָעזיע, און נאָך און נאָך אַ סך קלענערע וועמעס נעמען עס זיינען פון דער געשיכטע שוין אויסגעמקעט. זיי אַלע האָבען אויפגערודערט די געזעלשאַפט.

די אונצופרידענהייט איז געוואָרען אַלגעמיין. און די נייע בעלי בתים פון דער גרויס־בורזשואַזיע זיינען געווען פונקט אַזוי מאָראַליש דעמאָראַליזירט און גייסטיג אָבגעטעמפּט ווי די אַלטע פון דער צייט פאַר דער יולי רעוואָלוציע פון 1830. נאָר די רייכע לייט וואָס האָבען געצאָהלט 200 פראַנק דירעקטע שטייערן האָבען געקאָנט אַנטייל נעהמען אין די וואַהלען, ד. ה. אַז נאָר די 200,000 רייכסטע בירגער זיינען געווען וואַהל־בערעכטיגט; די שווערסטע שטייערען און די אויסהאַלטונג פון שטאַאַט זיינען מיט זייער גאַנצער לאַסט געפאַלען אויף די מאַסען אין דער פאָרמע פון אינ־דירעקטע שטייערן; די מלוכה־הוצאות האָבען געשטיגען פון 1047

מיליאָן אין 1835 אויף 1629 אין 1847. די דירעקטע שטייערען זיינען אָבער געבליבען די זעלבע און האָבען בעטראָפען אין יאָהר 1845 בסך הכל נאָר 291 מיליאָן; דערפאר אָבער זיינען די אינ־דירעקטע שטייערען געשטיגען פון 560 אויף 892 מיליאָן — די וואהלבערעכטיגטע „צענזוס בירגער" זיינען געווען די אם מייסטען פרייע פון שטייערן.

פראנקרייך איז אלץ מעהר געוואָרען געגליכען צו א פּיראמידע וואָס שטעהט מיט'ן קאָפּ אראָפּ. יעדער איינער האָט געפיהלט, אז דיזער צושטאנד וועט לאנג ניט אָנהאלטען. באקונין האָט אין פאָל־גענדע ווערטער אויסגעדריקט זיין איינדרוק פון פאריז ערב דער רע־וואָלוציע: „מיר האָבען פעסט געגלויבט, אז מיר לעבען איבער די לעצטע טעג פון דער אלטער ציוויליזאציע און אז באלד וועט קומען די הערשאפט פון גלייכהייט. זעהר ווענינע האָבען געקאָנט ווידער־שטעהן דער סאָציאל־רעוואָלוציאָנערער סביבה פון פאריז. בכלל איז געווען געווען געוואָרן צוויי חדשים פון בולווארד־לעבען אום צו פער־וואנדלען א ליבעראל אין א סאָציאליסט". אויך דער איטאליענישער רעוואָלוציאָנער מאַזיני האָט געמיינט: „די אינדיווידואליסטישע וועלט האָט איהר צייט שוין געהאט, די סאָציאליסטישע וועלט הויבט זיך אָן. איבעראל אין איירָאָפּא הויבט זיך אויף דער רוף נאָך נייע צושטענדען, נאָך נייע ליידענשאפטען, נאָך נייע עלע־מענטען, וועלכע דער יאהרהונדערט האָט געשאפען".

און דער שטורם האָט אויסגעבראָכען. דער רעוואָלוציאָנס־יאָהר 1848 איז געקומען. ער האָט זיך אָנגעהויבען אין פעברואר אין פראנקרייך און האָט ווי א רייניגענדער אוראגאן זיך אריבער־געטראָגען איבער גאנץ איירָאָפּא.



## פינפטע לעקציע

# די עקאָנאָמישע רעוואָלוציע אין ענגלאַנד

ענגלאַנד איז דאָס פּיאָנער־לאַנד פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם. פריהער ווי אין פראַנקרייך, פריהער ווי אין וועלכען עס איז לאַנד אין דער וועלט, זיינען דאָרט געשאַפען געוואָרען די פאָר־בעדינגונגען פאַר אַ מאָדערנער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. דאָרט זיינען די גרויסע טעכנישע ערפינדונגען געמאַכט געוואָרען, דאָרט זיינען זיי צוערשט אָנגעווענדעט געוואָרען, און דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען רעוואָלוציאָניזירט. אָבער דוקא דערפאַר ווייל ענגלאַנד איז געווען דאָס פּיאָנער־לאַנד, דערפאַר איז די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע דאָרט פאָרגעקומען לפי ערך לאַנגזאַמער. כמעט גאַנצע הונדערט יאָהר האָט גענומען ביז די גרויס־פּראָדוקציע האָט זיך איהר וועג דורכגעשלאָגען. די טעכנישע ערפינדונגען פון כל המינים זיינען געמאַכט געוואָרען איינע נאָך דער אַנדערער, שטופּענווייז, און דער דערפאַר האָט זיך אויך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיסטעם געענדערט טריט ביי טריט, בעת אייראָפּא האָט שוין געהאַט די פאַרטיגע מוסטערן פון ענגלאַנד און האָט מיט אַמאָל זיי געקענט בענוצען.

אָט דער לאַנגזאַמער גאַנג פון ענגלישען קאַפּיטאַליזם האָט געמוזט זיך אויסדריקען אויך אויף דער פאָרמע און אינהאַלט פון איהר אַרבייטער־בעוועגונג; אַ לאַנגע צייט האָט געדויערט און דער אַרבייטער־קלאַס פון ענגלאַנד איז געווען צושפּאַלטען אין 3 פערשידענע גרויסע גרופּען, מיט פערשידענע אינטערעסען און מיט אַ פערשידענער פּסיכאָלאָגיע. אין אַ גרויסען טייל פון די אינדוסטריען האָט זיך דער פּראָדוקציאָנס־פּראָצעס ביז ווייט אין 19טען יאָהרהונדערט ווייניג וואָס געענדערט. דאָרט איז דאָס זעלבסטשטענדיגע האַנדווערק לאַנג געבליבען עקזיסטירען. אָט די זעלבסטשטענדיגע האַנדווערקער האָבען שווער און ביטער געקעמפפט געגען דעם פאַרדרינגען פון די קאַפּיטאַליסטישע גרויס אונטערנעהמונגען. זיי האָבען אָבער דאָך טריט ביי טריט זייערע פּאָזיציעס געמוזט אויפגעבען און זיך פערוואַנדלען אין אָרימע לייט, אין פּאַופּערס. ביי זיי האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ פּסיכאָלאָגיע וואָס איז

געווען געמישט פון קאָנסערוואַטיזם און פערצווייפלונגס פּראָטעסט. נעבען דיזע אָרונטערגעקומענע האַנדוועקער און האַנדוועקער־געזעלען האָט עקזיסטירט אַ צווייטע, צאָהלרייכע גרופּע פון אַר־בייטער: די היים אַרבייטער, וואָס האָבען ביי זיך אין דערהיים פערשידענע פּראָדוקטען אויסגעאַרבייט. ביי זייער גאַנצער אָרימקייט און עלענד האָבען זיי זיך דאָך געפיהלט ווי זעלבסטשטענדיגע קליינע אונטערנעהמער. זיי האָבען זיך מיט אַלע מעגליכע מיטלען געוועהרט געגען יעדען עקאָנאָמישען פּאָרשריט, וועלכער האָט דיזע אָבגעשטאַנענסטע פּראָדוקציאָנס פאָרמען צום טוידט פאַרמשפּט. גאַנץ אַנדערש איז געווען די פּסיכאָלאָגיע פון דער דריטער גרופּע: די פאַבריק אַרבייטער; עלענד און נויט האָבען זיי ניט פאַרצווייפעלט, נאָר קאַמפּפסמוטיג געמאַכט; ניט אין דער רעאַקציע און אומקעהר צוריק צו די אַלטע פאָרמען, נאָר אין דער רעוואָלוציע און פּאָרשריט האָבען זיי די ישועה געזעהען.

אָט דערפאַר טראָגט די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער און אַרבייטער־בעוועגונג אין ענגלאַנד אַזא אייגענאַרטיגען כאַראַק־טער; אָט דערפאַר איז זי קאָמפּליצירט און פערפלאָנטערט; אָט דערפאַר זיינען אַזוי פערשיעדענאַרטיג און צאָהלרייך די אָרגאַני־זאַציעס און שטרעבונגען פון דעם ענגלישען אַרבייטער־קלאַס.

די „אינדוסטריעלע רעוואָלוציע“ איז געקומען אין ענגלאַנד מיט 100 יאָהר שפּעטער נאָך דער פּאָליטישער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך געענדיגט דעם 23טען פעברואַר 1689, נאָך כמעט אַ האַלבען יאָהרהונדערט פון קאַמפּף צווישען מאָנאַרכיע און פּאַרלאַמענט. דער זיעג פון פּאַרלאַמענט איז געוואָרען פערקערפּערט אין דעם „ביל אָוו ראַיטס“ פון 16טען דעצעמבער 1689, אַ דאָקומענט וואָס האָט דעם פּאַרלאַמענט געמאַכט פאַר דער פערקערפּערונג פון דער ענגלישער נאַציע. אָבער דער דאָזיגער פּאַרלאַמענט האָט ניט פער־טראָטען דאָס פאָלק; ער האָט מיט זיך פּאָרגעשטעלט ניט די הער־שאַפט פון די גרויסע פּאָלקסמאַסען, דער דעמאָקראַטיע, נאָר די הערשאַפט פון אַ גאַנץ קליינער צאָהל פּריווילעגירטע, די אָליגאַרכיע. די גרויסע גרונד־בעזיצער און גרויסע האַנדעלס־לייט, זיי האָבען די פּרוכט פון דער רעוואָלוציע געשניטען. די פּאָליטישע מאַכט האָט זיך בעפעסטיגט דאָרט, וואו עס איז געלעגען די עקאָנאָמישע מאַכט: ביים גרויס־גרונדבעזיץ און גרויס־האַנדעל.

אַ סטאַטיסטיק פון יענער צייט וועט דאָס געזאָגטע מסביר

זיין. מען האָט יעמאָלט געשאַצט די בעפעלקערונג פון ענגלאַנד אויף 5½ מיליאָן נפשות, אָדער 1,360,000 פאַמיליען. די יעהר־ליכע הכנסה פון דער נאַציע איז געשאַצט געוואָרען אויף 43.5 מיליאָן פונט סטערלינג.

אָט איז די פערטיילונג פון דער בעפעלקערונג נאָך קלאַסען מיט זייערע הכנסות. עס זיינען געווען:

| | | | אויף א פאַמיליע פונט סטערלינג |
|---|---|---|---|
| וועלטליכע לאָרדס | 160 פאַמיליען | | 2800 |
| גייסטליכע לאָרדס | 20 | " | 1300 |
| פרייהעררען (פריצים) | 800 | " | 880 |
| האַנדעלס־לייט אויף'ן ים | 2000 | " | 400 |
| האַנדעלס־לייט אויף דער יבשה | 8000 | " | 200 |
| אַדוואָקאַטען (סאָליסיטאָרס) | 10,000 | " | 140 |
| מיטעל־בויערען | 140,000 | " | 50 |
| פאַכטערס | 150,000 | " | 44 |
| ארבייטער און דיענער | 364,000 | " | 15 |
| פאופערס | 400,000 | " | 6.10 |

דאָך די נייע פריווילעגירטע קלאַסען אין ענגלאַנד האָבען גע־האַט דעם גליק וואָס זייערע קלאַסען־אינטערעסען זיינען געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דעם עקאָנאָמישען פאָרשריט. עס איז געווען אין אינטערעס פון דעם אויפקומענדען קאַפּיטאַליסטען־קלאַס אויס־צושפּרייטען און צו פערגרעסערן די פּראָדוקציע און צו פערביליגערן די סחורות, און דערפאַר האָט ער געזוכט מיטלען ווי צו רעוואָלו־ציאָנירען דעם ביז־איצטיגען סיסטעם פון שאַפען און פערטיילען די סחורות.

די הויז־אינדוסטריע, ד. ה. די פאַבריקאַציע פון סחורות דורך זעלבסטשטענדיגע קליינע מייסטערס מיט אייגענע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, איז סיסטעמאַטיש פערטריבען געוואָרען דורך דער מאַנו־פעקטור, ד. ה. דורך גרויסע ריעזיגע וואַרקשטאַטען, וואו די ארבייט איז געטהאָן געוואָרען פון לוינאַרבייטער, בעלי מלאכות מיט דער טעכניק פון האַנדווערקער, נאָר קאָמבינירט און צוזאַמענגעבונדען ווי איין לעבעדיגע גרויסע מאַשין. עס האָט דעם קלאַס פון קליינע מייסטערס בכלל קיין צרות ניט געפעהלט. די רעוואָלוציע אין דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכע האָט פערטריבען גרויסע פּויערים־

מאַסען פון זייערע פּלעצער, האָט ביי זיי די בעסטע קונדען צוגע־נומען און געבראַכט דערצו, אַז מען האָט געמוזט אָנהויבען איינ־פיהרען רוי־מאַטעריאַל פון אויסלאַנד; דורך דעם איז דער קויפ־מענישער אונטערנעהמער געוואָרען דער בעל הבית פון דער לאַגע.

מען האָט די קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט לאַנגזאַם אָבער זיכער און פעסט זיך גערוקט אין דעם ביז־איצטיגען פּראָדוקציאָנס־סיס־טעם ניט אַזוי שטאַרק געפיהלט אין ערשטען האַלבען יאָהרהונדערט נאָך דער פּאָליטישער רעוואָלוציע, ווייל עס איז געווען אַ צייט פון שטילשטאַנד, אָבער אַרום דעם יאָהר 1740 הויבט זיך אָן אַן אויפ־לעבונג. נייע פּראָדוקציאָנס־צווייגען קומען צו, וועלכע טראָגען פון אָנפאַנג אָן אַ קאַפּיטאַליסטישען כאַראַקטער, ווי די פערפערטי־גונג פון וואַפען, גלאָז א. אז. וו.. די מערק האָבען זיך אויסגע־שפּרייט שנעלער, ווי די מעגליכקייטען זייער בעדאַרף אין סחורות צו בעפרידיגען. דער געגענזאַץ צווישען די ענג־בעגרענעצטע מעג־ליכקייטען צו פּראָדוצירען סחורות נאָך די אַלטע מעטאָדען און די ווייטע און ברייטע מעגליכקייטען צו פערקויפען סחורות איז גע־וואָרען אַלץ שאַרפער, בולט'ער. די פּראָבלעם פון יענער צייט איז געווען: ווי אַזוי פערגרעסערט מען די פּראָדוקציע? און דאָס האָט געהייסען: ווי אַזוי מאַכט מען פרייער, ווירקזאַמער די עקזיסטירענדע פּראָדוקציאָנס־כחות און ווי אַזוי שאַפט מען נייע פּראָדוקציאָנס־כחות.

צו לייזען אָט די גרויסע פּראָבלעם האָט מען זיך גענומען פון פערשיעדענע זייטען. פאַר דעם האָבען זיך גענומען מעכאַניקער און ערפינדער, פּאָליטישע עקאָנאָמען און שטאַאַטס־לייט. די ערשטע האָ־בען גענומען אויסגעפינען נייע מאַשינען, נייע בעוועגונגס־כחות כדי צו מאַכען, אַז די מענשליכע אַרבייט זאָל מעהר קענען אַרויסברענ־גען און דער קוואַל פון עשירות זאָל ברייטער און טיעפער פליעסען. די לעצטע האָבען גענומען זוכען בעסערע פּאָליטשע און האַנדעלס סיסטעמען כדי פרייער און מיט בעסערע רעזולטאַטען לאָזען די מענשען אויסאַרבייטען די סחורות און מיט מעהר פּראָפיט פער־שפּרייטען און פערווערטהען.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף איהר ברייטען וועג. זינט דעם יאָהר 1710 האָט מען גענומען פערברויכען פיעל שטיינקוילען; בינדליי האָט גענומען קאַנאַלען בויען און פערבינדען די גרויסע

מאַנופעקטור־שטעדט מיט'ן ים; הארגריעווס האָט די שפּינמאַשין דזשעני ערפונדען; ארקראיט האָט בענוצט און קאָמבינירט די פריי־הערדיגע ערפינדונגען אין דער שפּינעריי און האָט זיי געלאָזען בעוועגען דורך וואסער־קראפט, און וואיט האָט פּארבעסערט די דאמפף־מאשין, וועלכע האָט געלייזט די פּראָבלעם פון דער פּראָדוקציע.

דיזע טעכנישע רעוואָלוציע וואָס האָט די רעיעזיגע פערמעהרונג פון דער פּראָדוקציע נאָך זיך געבראכט, צוזאמען מיט דער פּאקטישער ענדערונג פון די סאָציאַל ־ עקאָנאָמישע בעציהונגען האָבען געמוזט ארויסרופען אַ טיעפע קריטישע בעציהונג אויף צו די עקזיסטירענדע פּאָליטישע און יורידישע צושטענדע. די פּאָליטישע רעאקציע און קאָרופּציע און שטילשטאנד, וועלכע האָבען געהערשט ביז'ן מיטען פון 18טען יאהרהונדערט האָבען ניט געקאָנט אָהן פּראָטעסט אָנגעהן ווייטער. עס האָבען געמוזט זיך מערקען קודם־כל נייע שטרעבונגען אָבצושאפפען די פיעלע בעשרענקונגען, וואָס זיינען געלגען אויף'ן עקאָנאָמישען לעבען, אויף דער ביז איצטיגער מערקאנטיליסטישער האנדעלס־סיסטעם, ד. ה. דער סיסטעם, וואָס האָט דעם הויפּט געוויכט געלייגט אויף דעם ארויספיהרען וואָס מעהר סחורות פון לאנד, כדי אריינצוברענגען וואָס מעהר גאָלד, האָט ווייטער ניט געקענט אָנגעהאַלטען ווערען.

די פּאָליטשע עקאָנאָמען האָבען אָט די גייסטיגע רעוואָלוציע דורכגעקעמפּפט. אָנהויבענדיג פון פעטי און דודלי נאָרטה, נאָך צום סוף פון 17טען יאהרהונדערט, ציהט זיך דורכ'ן גאנצען 18טען יאהרהונדערט אַ שטראָם פון פּאָליטיש־עקאָנאָמישער אויפקלערונג אין דער ריכטונג, אז דאָס אינערליכע עקאָנאָמישע לעבען פון לאנד, די פערגרעסערונג פון דער פּראָדוקציע זאָל בילדען דעם קוואַל פון הצלחה פון לאנד. און צוזאמען דערמיט געהט אויך די פערטיידיגונג פון פרייער עקאָנאָמישער טעטיגקייט און פון פרייען האנדעל. „ניט געלד, נאָר ארבייט איז עס וואָס מאַכט אוים די פאָלקס עשירות" — האָט דזשאָסיאַטאָקער געלערנט אין יאָהר 1751. דער גרויסער פילאָזאָף דייוויד יהום טרעט פון זיין זייט שארף ארויס געגען די מערקאנטיליסטישע פּאָליטיק, און ענדליך קומט אין יאָהר 1776 אדאָם סמיטה מיט זיין בעריהמטען ווערק „די עשירות פון פעלקער" און בעגרינדעט די גאנצע עשירות אויף

דער ארבייט: „דער פּראָדוקט פון ארבייט בילדעט דעם נאַטיר־ליכען ארביימס־לוין. אין גאָר ערשטען, איינפאַכסטען צושטאַנד האָט דער גאַנצער פּראָדוקט געהערט צו דער ארבייט... דאָס האָט אזוי אָנגעהאַלטען ביז דער גרונד און באָדען איז אריבער אין פּריוואַט אייגענטום און קאַפּיטאַלען זיינען צוזאַמענגעקליבען גע־וואָרען... דער ערשטער אָבצוג איז געווען די רענטע, דער צוויי־טער — דער פּראָפיט אויף'ן קאַפּיטאַל". די גאַנצע פּראָדוקציאָנס טעאָריע איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף'ן ריכטיגען יסוד פון מענשליכער ארבייט אַלס קוואַל פון עשירות. דער סאָציאַליזם איז געווען דער לאָגישער שלוס — אָבער אום צום סאָציאַליזם צו קומען איז געווען נויטיג אַז די אינדוסטריעלע קאַפּיטאַליסטישע רעוואָלוציע זאָל פריהער אָבראַמען די אַלטע בעגריפען און צו־שטענדען.

שווער איז געווען פאַר די מענשען זיך אָבצוגעוועהנען פון די אַל־טע בעגריפען, אידעאַלען און געזעצען; נאָר די אַלמעכטיגע קראַפט פון דער נייער ווירטשאַפטס־אָרדנונג האָט אַלע שטערונגען גובר גע־ווען. די נייע מאַשינען און פאַבריקען האָבען געמאַכט מעגליך אַז די פּראָדוקציע זאָל אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאהר־הונדערט פערגרעסערט ווערען אָהן א פערגלייך צו פריהער. אָט זיינען אייניגע ביישפּילען: אין דער טעקסטיל אינדוסטריע: איינפיר פון וואָל אין די יאָהרען 1771-75, 4¾ מיליאָן פונט יעהרליך; אין יאָהר 1810, 132½ מיליאָן פונט; רוי אייזען פּראָדוצירט אין יאָהר 1740, 17,350 טאָן; אין יאָהר 1806, 258,206 טאָן; און אזוי ווייטער.

אויך אין דער לאַנדווירטשאַפט איז פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג: די קליינע פּויערים זיינען ארויסגעשליידערט געוואָרען פון זייערע בעזיצונגען. די נייע אַגראָנאָמיע האָט לייכט געמאַכט דעם זיעג פאַר די גרויסע גיטער.

די רעזולטאַטען פון דיזער גרויסער אינדוסטריעלער רעוואָ־לוציע זיינען געווען צווייפאַכע: פון איין זייט א ריעזיגע פער־מעהרונג פון עשירות, פערגרעסערונג פון שיף־פאָהר און פון אויסען־האַנדעל. די נאַציאָנאַלע הכנסה, וועלכע איז אין יאָהר 1688 אָב־געשאַצט געוואָרען אויף 47 מיליאָן פונט סטערלינג, איז אין יאָהר 1770 שוין אָבגעשאַצט געוואָרען אויף 119,5 מיליאָן פונט און אין יאָהר 1812 אויף 430,5 מיליאָן פונט. פון יאָהר 1688 ביז

1812 האָט זיך די נאַציאָנאַלע הכנסה אַלזאָ פ ע ר צ ע ה נ־פ אַ כ ט, בעת די בעפעלקערונג האָט זיך אונטערדעסען נאָר פ ע ר ד ר י י פ אַ כ ט.

צו דער זעלבער צייט איז פאָרגעקומען אַ גאַנץ אַנדער פער־טיילונג, סאַי פון דער הכנסה, סאַי פון דער בעפעלקערונג.

די נאַציאָנאַלע הכנסה איז געווען פערטהיילט אין יאָהר 1770 צווישען פאָלגענדע קלאַסען אויף פאָלגענדען אופן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פון לאַנדווירטשאַפט | 66 | מיליאָן | פונט |
| " אינדוסטריען | 27 | " | " |
| " האַנדעל | 10 | " | " |

אין יאָהר 1812 איז סאַי די צושפּאַלטונג אין קלאַסען, סאַי די פערטיילונג געווען גאָר אַן אַנדערע. די הכנסה איז געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| פון לאַנדווירטשאַפט — — — — | 132,3 | מיליאָן | פונט |
| " האַנדווערק — — — — — — | 49 | " | " |
| " פאַבריקאַנטען — — — — | 35,9 | " | " |
| " לוינאַרבייטער און בערגלייט | 33,9 | " | " |

אָט אַזוי זעהט מען, ווי צוזאַמען מיט דעם וואוקס און בעדיי־טונג פון די אינדוסטריען, וואָס איז אַ נאַטירליכער פועל יוצא פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, איז אָנגעגאַנגען איבערראַשענד שנעלער וואוקס פון די הכנסות פון לאַנדווירטשאַפט, ריכטיגער געזאָגט פון דער רענטע, וועלכע די גרונדבעזיצער האָבען אין די קעשענע אַריינגעשטעקט.

די ענדערונג אין דער פערטיילונג פון דער בעפעלקערונג דריקט זיך אויס אויף פאָלגענדען אופן: נאָך אין יאָהר 1688 האָבען 4/5 געוואָהנט אופן פרייען לאַנד, אין יאָהר 1770 האָט שוין אַ העלפט געוואוינט אין די שטעדט. און אין יאָהר 1811 האָט שוין נור ⅓ געוואוינט אויפ'ן פרייען לאַנד. אין עפּעס מעהר ווי אַ יאָהרהונדערט איז ענגלאַנד פערוואַנדעלט געוואָרען פון אַ דאָרפישער אין אַ שטאָד־טישער מלוכה.

די רעזולטאַטען זיינען געווען זעהר ניט קיין פרעהליכע פאַר די מאַסען. די לייב־פּאַרציע פון די נייע עשירות האָבען צוגענומען, ווי מיר האָבען געזעהן, די גרונדבעזיצער; אַ גוטען ביסען האָבען בע־קומען אויך די סוחרים און פאַבריקאַנטען; די מאַסען אָבער האָ־בען געהאַט צו שלעפּען אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון דעם שטייגען־

דען יקרות, פון פערגרעסערטער עקספּלואַטאַציע, ביי דעם זעלבען, אָדער אָפט זאָגאַר פּאַרקלענערטען לוין; און אלס צוגאָב זיינען אויך זייערע ווייבער און קינדער אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם ראָד פון דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

די רעזולטאַטען פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע זיינען געווען בסך הכל אזויגע: פערדאָפּלונג פון דער בעפעלקערונג, פערדרייפאַכונג פון אָרימקייט. קיין וואונדער ניט, וואָס די מאַסען האָבען גענומען פּראָטעסטירען, און אן אלגעמיינע אויפרעגונג האָט זיך פערשפּרייט צווישען די ארבייטער קרייזען. די האַנדווערקער פון זייער זייט און די הויז־ארבייטער האָבען מיט שרעק זיך צוגעקוקט ווי יעדען טאָג קומען צו נייע מענשען און ווי נייע פאַבריקען פערניכטען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און צושטערן זייער עקזיסטענץ.

די רעגיערונג האָט קיין קליגערע זאַך ניט געפונען ווי צו ענט־פערען אויף דעם פּראָטעסט פון די מאַסען מיט אויסנאַהמס־געזעצען און פערפאָלגונגען געגען די אלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרגאַ־ניזאַציעס פון די ארבייטער.

אָט אין דער סביבה איז געשאַפען געוואָרען די סאָציאַליסטישע בעוועגונג פון ענגלאַנד.



## זעקסטע לעקציע

# די ערשטע טריט פון דער ארבייטער בעוועגונג אין ענגלאנד

מיר האָבען געזעהן אין פאָריגער לעקציע: פון דריי גאַנץ פערשיעדענע עלעמענטען איז בעשטאַנען דער גרויסער ארביי־טער קלאַס פון ענגלאַנד אין דער עפּאָכע פון דער „אינדוסטריעלער רעוואָלוציע": פון די יורדים, האַנדווערקער און האַנדווער־קער געזעלען, פון היים אַרבייטער און פון פאַבריק אַרבייטער, דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט. די אַרבייטער בעוועגונג איז דערפאַר תחילת אוועק אויף דריי פערשיעדענע וועגען און האָט אָנגענומען די פאָרמען פון ענגערע גרופּען בעוועגונגען, פערשיעדען איינע פון די אַנדערע לויט כאַראַקטער און שטרעבונגען. ערשט שפּעטער, ביים אויפקומען פון טשארטיזם האָבען זיי זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איין גרויסען שטראָם פון אַן אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער קלאַסען־בעוועגונג.

די האַנדווערקער געזעלען האָבען פון לאַנג אָן געהאַט זייערע אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען געווען — נאָך אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט — לאָקאַל און צוריסען אויף ענגע טריידס, צעכאַרטיג. זיי פלעגען אריינכנעהמען נאָר ריכטיגע האַנדווערקער פאַר אַ הויכען איינטריטס־געלד. זייער טהעטיגקייט האָט זיך בעצויגען הויפּטזעכ־ליך אויף אונטערשטיצונג אין פאַל פון נויט. צוליעב די פערשפּריי־טונג פון דער גרויס מאַנופאַקטור און איהר קאָנקורענץ מיט'ן האַנד ווערק זיינען זיי געווען געצוואונגען צו אָרגאַניזירען אויך די מאַנו־פאַקטור אַרבייטער און אָנצופיהרען פיעלע סטרייקס און קעמפּפען. מיט דער צייט זיינען ענטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס אויך פון מאַנו־פאַקטור אַרבייטער, עהנליך צו די פון די האַנדווערקער געזעלען. אין בעסערע צייטען פלעגען זיי סטרייקען, אין ערגערע — צופאַלען, כדי שפּעטער אַמאָל ווידער אויפצולעבען. אין די סטרייק צייטען פלעגט אָפט אָנגעווענדעט ווערען אויך געוואַלט־מיטלען געגען די סקעבס און די ניט אָרגאַניזירטע. אָט די גאַנצע בעוועגונג האָט

אָבער ניט געהאַט קיין צוקונפט, ווייל דאָס זעלבסטשטענדיגע האַנד־ווערק איז שוין צום אונטערגאַנג פער'משפט געווען.

אַנדערש האָט זיך ענטוויקעלט די בעוועגונג צווישען די פער־הונגערטע און פערעלענדטע הויזאַרבייטער. זיי זיינען געווען נאָך ווניגער אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיג ווי די האַנדווערקער. זייערע פּראָטעסטען פלעגען אויסברעכען מיט אַמאָל, ניט ערוואַרטעט, „סטיכיש"; די איינפיהרונג פון מאַשינען האָט זיי אין גאַנצען צורו־דערט און צו פערצווייפלונג געטריבען. פריהער האָבען זיי נאָך געלייגט האָפנונגען צו פערבעסערען זייער לאַגע מיט דער הילף פון פּאַרלאַמענט, וועלכען זיי פלעגען פערוואַרפען מיט פּעטיציעס ווע־גען געזעצליכען שוץ געגען עקספּלואַטאַציע. איצט אָבער האָבען זיי יעדע האָפנונג פערלאָרען און נאָר געפיהלט אַ ברענענדיגען האַס צו דער „פערשאָלטענער" מאַשין, וואָס נעהמט אַוועק זייער אַר־בייט און ברויט. און בעזונדערס שטאַרק פלעגט דער צאָרן און האַס ברענען אין די געגענדען, וואו מאַשין־אַרבייט האָט עקזיס־טירט נעבען דער האַנד־און הויז־אַרבייט. און בפרט נאָך אין די צייטען פון קריזיסען, ווען אַרבייטסלאָזיגקייט און נויט זיינען גע־ווען שרעקליך, דאַמאָלסט פלעגט דער צאָרן און פערצווייפלונג ביי אַ טיילען פון די אַרבייטער זיך אויסגיסען אין צוברעכען די מאַשינען און צושטערען די פאַבריקען.

די צושטערונגס בעוועגונג געגען די מאַשינען און פאַבריקען האָט אָנגענומען שפּעטער זאָגאַר אַ מעהר אָדער ווענינער אָרגאַ־ניזירטען כאַראַקטער אונטער דער פיהרונג פון דעם זאָקען־וועבער נעד לוד. דאָס איז געשעהן אין די יאָהרען 1811—1815 און די גאַנצע בעוועגונג איז געבליבען בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „די אויפ־שטאַנדען פון די לודיסטען". שטרענגע געזעצען זיינען ארויסגעגע־בען געוואָרען (אין יאָהר 1727, 1782 און 1811) געגען אָט די צושטערער; זאָגאַר טויטשטראָף איז אָנגעווענדעט געוואָרען. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען. און ערשט בעת מען האָט גרויסע געלד־סומען צוגעזאָגט די וואָס וועלען אַרויסגעבען די פיהרער — זאָגאַר ביז 10,000 דאָלאַר און מעהר — דאַמאָלסט האָט זיך אָנ־געהויבען פעררעט און די בעוועגונג איז איינגעשטילט געוואָרען.

אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער טראָגט פון אָנפאַנג אָן די בעווע־

גונג פון די פאַבריק־ארבייטער; פון אָנפאַנג אָן האָבען זייערע פערבאַנדען גענומען ארויסוויייזען די סמנים פון מאָדערנע פראָלע־טאַרישע קאמפף־ארגאַניזאציעס. זיי האָבען געזוכט זיך אויסצו־שפרייטען ווייט און ברייט: פון איין זייט האָבען זיי געזוכט איינצונעהמען וואָס מעהר ארבייטס־שיכטען; פון דער צווייטער זייט האָבען זיי געשטרעבט אָנצוהאַלטען פערבינדונגען איבער'ן גאַנצען לאַנד. פון צושטערען די פאַבריקען און מאשינען האָבען זיי ניט געהאַלטען, כאָטש עקאָנאָמישער טעראָר, גוואַלט־טהאַטען געגען די אונטערנעהמער פלעגען אויך ביי זיי פאָרקומען צוליעב די פערביטערקייט און האַרטנעקיגקייט פון די סטרייקס און קעמפפען.

אויך די פּאָליטישע ארבייטער־בעוועגונג האָט זיך אָנגעהוי־בען גאַנץ פריה צווישען די ענגלישע ארבייטער. „לאָנדאָנער קאָ־רעספּאָנדענץ שול" (L. C. S.) האָט געהייסען די ערשטע דעמאָ־קראַטיש־פּאָליטישע ארבייטער אָרגאַניזאציע, און געגרינדעט איז זי געוואָרען אין יאָהר 1792 פון שוסטער געזעל טהאָמאַס האַרדי (געבאָרען 1752, געשטאָרבען 1832). עס איז געווען ניט קיין קלאַסענבעוואוסטע ארבייטער אָרגאַניזאציע, אָבער דאָך בעצם אַן אָרגאַניזאציע פון ארבייטער דאָס רוב. איהר הויפּט פאָדערונג איז געווען: די אַלגעמיינע, גלייכע פערטרעטונג פון פאָלק אין פּאַרלאַ־מענט. איהרע וואַפען זיינען געווען: שכל'דיגע בעווייזען, פעסט־קייט און איינשטימיגקייט. זי האָט זיך געשטעלט אין פערבינ־דונג מיט אַנדערע שטעדט דורך קאָרעספּאָנדענץ און האָט באַלד געצעהלט 20,000 מיטגליעדער, און אָנגעפיהרט אַ שטאַרקע פּרוכט־באַרע אגיטאַציע.

דאָך, עס האָט ניט גענומען לאַנג און עס האָבען זיך אָנגע־הויבען פערפאָלגונגען מצד פון דער רעגיערונג. „די פריינד פון פאָלק" — אַן עהנליכע אָרגאַניזאציע אין שאָטלאַנד — איז געווען די ערשטע, וואָס האָט אויף זיך דערפיהלט די שווערע האַנד פון דער רעגיערונג. איהר פיהרער, אַדוואָקאַט טהאָמאַס מור איז גע־ווען דער ערשטער קרבן. אַ פּראָטעסט קאָנווענציע איז בעשלאָסען געוואָרען אין עדינבורג; זי איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין נאָ־וועמבער 1793. 30,000 מאַן האָבען אַנטהייל גענומען אין דער מאַסענפערזאַמלונג ביי דער ערעפענונג. אָבער גענדריגט האָט זיך

די קאָנווענציע טראַגיש: זי איז געוואַלטזאַם צוטריבען געוואָרען, פיעלע אַרעסטען זיינען געמאַכט געוואָרען און שווערע שטראַפען זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף די אַנטיילנעהמער.

די געוואַלט־טהאַטען אין עדינבורג האָבען אַרויסגערופען אַ שטאַרקע פּאָליטישע אויפרעגונג איבער'ן גאַנצען לאַנד. די רעגיערונג פון איהר זייט האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז מען מוז געבען אַ טויט־קלאַפּ דער גאַנצער בעוועגונג. דעם 4־טען מאַי 1794 זיינען די פיהרער אַרעסטירט געוואָרען; 4 טעג שפּעטער האָט פּיט אַריינגעטראָגען אַ ביל, מען זאָל אָבשאַפען די קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטען ביז דעם יאָהר 1802 און דער געזעץ איז טאַקי אָנגענומען געוואָרען. געגען די פיהרער זיינען געמאַכט געוואָרען פּראָצעסען אין מלוכה פערראַטה.

די דאָזיגע פערפאָלגונגען זיינען געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר די אינטעליגענטישע קלובען; די ל. ק. ס. אָבער איז אָנגעגאַנגען מיט איהר אַגיטאַציע און איז געוואַקסען אַזוי ווייט אַז אין יאָהר 1795 האָט זי געצעהלט 80,000 מיטגליעדער און אין איהרע אַ דעמאָנסטראַציע האָבען אַנטייל גענומען 150,000 מענשען. אַזוי איז געגאַנגען ביז דעם יאָהר 1798, ווען די רעגיערונג האָט בעשלאָסען די אָרגאַניזאַציע אין גאַנצען צו פערניכטען. זי האָט אַרעסטירט די גאַנצע עקזעקוטיוו און 3 יאָהר זי געהאַלטען אָהן אַ פּראָצעס. פון דאַמאָלסט אָן איז די אַגיטאַציע אָבגעשוואַכט געוואָרען און אָט די ערשטע גרויסע פּאָליטישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציע איז ביסלעכווייז פערשוואונדען פון דער ביהנע.

די ערשטע אַרויסטרעטונגען פון דער פּאָליטישער אַרבייטער בעוועגונג האָבען קיין שייכות מיט'ן סאָציאַליזם נאָך ניט געהאַט; אָבער סאָציאַליסטישע אידעען זיינען שוין אין 2טען העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט געווען שטאַרק פערשפּרייט אין ענגלאַנד. אַ גאַנצע רייהע פון שריפטשטעלער און עקאָנאָמיסטען האָבען סאָציאַליסטישע געדאַנקען ענטוויקעלט. דער שפּעטערדיגער רעאַקציאָנער און העצער געגען רעוואָלוציע, עדמונד באָירק, האָט אין יאָהר 1756 פערעפענטליכט אַ שטאַרקען סאָציאַליסטישען פּאַמפלעט „אַ רעכטפערטיגונג פון דער נאַטירליכער געזעלשאַפט“, פון וועלכען ער האָט אומזיסט שפּעטער געזוכט זיך אָבצוּוואַרפען. טהאָמאַס

ספּענס (געבאָרען 1750 — געשטאָרבען 1814) איז געווען ניט נאָר א סאָציאַליסטישער שריפטשטעלער, נאָר דערצו נאָך א פּראָלע־טאַרישער רעבעל און מאַרטירער פאַר סאָציאַליסטישע רעפאָרם אידעען, וואָס האָבען בעצוועקט איינצופיהרען קאָמוניזם אויפ'ן גרונד און באָדען. אויך טהאָמאַס פּיין האָט געפּרעדיגט א סאָ־ציאַלע אגראַר רעפאָרם. דאָך דער בעקאַנטעסטער צווישען זיי, וואָס האָט געהאַט אויך א גרעסערען טהעאָרעטישען ווערטה, איז געווען וויליאַם גאָדווין, „דער פאָטער פון אַנאַרכיזם". (געבאָרען אין יאָהר 1756, זיין הויפּטווערק „פּאָליטישע גערעכטיגקייט" ער־שיענען 1793, געשטאָרבען 1836.)

דער אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט איז געווען אויסגע־פילט מיט די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און עס איז דערפאַר ניט געווען קיין פּלאַץ און קיין צייט פאַר דער אויפבויאונג פון דער ארבייטער בעוועגונג. דאָך אין יאָהר 1815 האָבען די מלחמות זיך געענדיגט, איבערלאָזענדיג א טרויעריגע ירושה. הונגער, עלענד, נויט און ארבייטסלאָזיגקייט האָבען זיך פערשפּרייט איבער לאַנד און שטאָדט. נידעריגער ארבייטס־לוין איז געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט הויכע מקחים אויף לעבענס־מיטלען און ועל כולם זיינען געקו־מען די שווערע שטייערען און אָבצאָהלונגען און האָבען דעם בע־כער פון ביטערקייט פול געמאַכט.

די אונצופרידענהייט צווישען די ארבייטס־מאַסען איז גע־וואָרען אַלגעמיין: די אויפרעגונג האָט דערגרייכט צו דער מדרגה פון א בירגער קריעג. און עס האָט זיך אָנגעהויבען א פּעריאָד פון ביטערע קלאַסענקעמפּפען, וואָס האָט אָנגעהאַלטען אין דעם משך פון די נעקסטע זיבען יאָהר, ביז דעם יאָהר 1822.

זינט הערבסט 1816 האָט דאָס גאַנצע לאַנד זיך געפונען אין א צושטאַנד פון רעבעליאָן. פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, לאָקאַלע אויפשטאַנדען, די ווידער אויפלעבונג פון ספּענסעס אַגיטאַציע פאַר לאַנד־קאָמוניזם, א שטאַרקע אַגיטאַציע פאַר וואַהל־רעפאָרמען האָבען אַרויסגערופען פּראָצעסען אין מלוכה־פערראַט און טויט־שטראַפען, אויסנאַהמס־געזעצען און די פערפעסטונג פון די פּאָלי־טישע און ארבייטער אָרגאַניזאַציעס דורך רעגירונגס שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרס. דאָך די אַלע פערפאָלגונגען זיינען ניט געווען

בכח איינצושטילען דעם פלאקער, און די גייסטיגע שאפונגען פון די נעקסטע יאהרען האבען נאכהער אין פערלויף פון יאהרצעהנדליגע בעהערשט דאס פאליטישע און געזעלשאפטליכע לעבען פון ענג־לאנד.

די פאליטישע אגיטאציע האט איהר אויפלעבונג בעקומען דורך דער פערשפרייטונג און דעמאקראטיזירונג פון די העמפדען קלובען, וואס האבען זיך געשטעלט פאר זייער צוועק צו שטורמען דעם פארלאמענט מיט פעטיציעס וועגען וואהלרעפארמען. צו דערזעלבער צייט זיינען אבגעהאלטען געווארען מאסען־דעמאנ־סטראציעס פון די ארבייטסלאזע, וואס פלעגען זיך ענדיגען אפט אין געוואלטזאמע צוזאמענשטויסונגען מיט דער רעגיערונגס־מאכט. די לודיסטען האבען מאשינען צושטערט, פאבריקען פערברענט. די לאנד ארבייטער פון זייער זייט האבען די דרעש מאשינען פער־ניכטעט און די שייערען פערברענט. אין פיעל ערטער האט מען די לעבענסמיטעל — קראמען און בעקערייען געשטורמט. זאגאר אן אפענער אויפשטאנד פון די ארבייטער געגען דער רעגירונג איז ארגאניזירט געווארען פון איינעם ברענדרעט אין דער געגענד צווישען דארבי און ראטינגאם, נאר ער האט זיך געענדיגט זעהר טראגיש פאר זיינע אויפטוער.

די רעגיערונג האט געענטפערט מיט אבשאפונג פון די קאנסטי־טוציאנעלע רעכטע, מיט אויסנאמס געזעצען און ברוטאלע פער־פאלגונגען. אויף א פאר יאהר איז יעדע פאליטישע טעטיגקייט געווארען אונמעגליך. אבער ווי נאר די קאנסטיטוציאנעלע רעכטע זיינען ווידער אריין אין קראפט, אזוי האט ווידער זיך געמערקט א שטארקע אויפלעבונג פון דער פאליטישער אגיטאציע. אין יאהר 1819 זיינען אויך די פרויען אריינגעצויגען געווארען אין דער אגיטאציע. ריעזען־דעמאנסטראציעס פון ארבייטער זיינען אבגע־האלטען געווארען. צווישען זיי איז די דעמאנסטראציע פון 16טען אוגוסט 1819 אין לענקעשאיר געווען די ריעזיגסטע און זי האט זיך געענדיגט אויפ'ן טראגישסטען אופן. די 80,000 פערזא־מעלטע האבען מיט גרויס בעגייסטערונג בעגריסט דעם הויפט רעד־נער הענרי האנט, ווען סאלדאטען צופוס און אויף פערד האבען ווי ווילדע חיות זיך ארויפגעווארפען אויפ'ן עולם טרייבענדיג און

קנוטעווענדיג אויף רעכטס און לינקס. 15 טויטע און 400 פערוואונדעטע זיינען געבליבען ליעגען אויפ'ן פערזאמלונגס־פּלאַץ, דעם סאנקט פּיטער פיעלד.

אַט דער מערדערישער בעפאל, וועלכער האָט בעקומען דעם היסטאָרישען נאָמען „פּיטערלאָ" (אַן אָנשפּיגלונג אויף וואטערלאָ, די גרויסע שלאַכט, וואו נאפּאָלעאָן'ס מאכט איז צושמעטערט געוואָרען), האָט געזאָלט געבען אַ טויט קלאַפּ דער ארבייטער בעוועגונג, ער איז בעגלייט געווען מיט ארעסטירונג פון 10 פיהרער און זייער פּראָצעסירונג אין מלוכה־פערראַט. כדי דעם „זיעג" איהרען פול צו מאכען האָט די רעגירונג אין דעצעמבער פון 1819 דורכגעטריבען דורכ'ן פּארלאמענט פערשאַרפטע אויסנאַמס־געזעצען („סיקס עקטס") דורך וועלכע עס איז געוואָרען פערבאָטען אָבצוהאַלטען פערזאמלונגען, אָבצוהאַלטען מיליטערישע איבונגען, צו טראָגען וואפען, און אַרויסצוגעבען ביליגע ארבייטס־צייטונגען; קיין טאָג צייטונג וואָס ענטהאַלט פּרושים אויף טעגליכע פּאָסירונגען האָט ניט געטאָרט פערקויפט ווערען ביליגער ווי פאר 7 פענס. די ארבייטער צייטונגען האָבען געמוזט אַלע אונטערגעהן.

מיט בלוטיגער האנד האָט די רעגירונג אונטערדריקט אויך די אגיטאציע פון די ספּענסעאנער. זייער אָרגאניזאציע „ספּענסען פּילאַנטראָפּיסט", וואָס איז נאָך אין יאָהר 1812 פון ספּענסען אליין געגרינדעט געווען, איז באמת געווען אַ ענגער פעראיין, וואָס איז אין גאנצען בעשטאַנען פון 4 גרופּען צו 10 פּערזאָן אין יעדער גרופּע. אָבער ער האָט געצעהלט צווישען זיך מענשען מיט גרויסע נעמען, מיט גרויסע פעהיגקייטען און ענערגיע. אויסער דער אָגיטאציע פאר זייערע ספּעציעלע פאָדערונגען, דעם קאַמפּף געגען גרויסען גרונדבעזיץ, האָט דער פעראיין אָנגעפיהרט אויך אַ שטאַרקע פּאָליטישע אגיטאציע. זיי האָבען אָבגעהאַלטען גרויסע מאַסענפערזאמלונגען, וואָס זיינען געווען בעזוכט פון צעהנדליגע טויזענדער ארבייטער. דאָך די רעגירונג האָט געלאָזט פּראָצעסירען די פיהרער און די פעראיינען געשלאָסען. און ווען איינער פון די פיהרער, טיסטעלוואוד האָט זיך געלאָזט פערשלעפּען פון אַ פּראָוואָקאטאָר צו נעמען פּלאנעווען און פּאָרצובערייטען אַן אטענטאט, דאַמאָלסט ערשט האָט דער רעגירונג זיך איינגעגעבען אַ טויט־

קלאַפּ צו געבען דער ספּענסישער בעוועגונג. פיער פון די פיהרער האָבען מיט דער תליה בעצאָהלט, אנדערע 6 זיינען מיט לעבענס־לענגליכער פערשיקונג אין די ארעסטאַנטסקע קאָלאָניעס אָבגעקו־מען.

טויט איז געוואָרען די ספּענסישע בעוועגונג. אויפגעלעבט צו אַ נייעם, העכערען לעבען האָט אָבער די ענגלישע ארבייטער־בעוועגונג. די נעקסטע מדרגה פון איהר ענטוויקלונג האָט געהייסען אועניזם.



## זיבעטע לעקציע

# ראָבערט אָוען און דער אָועניזם

ראָבערט אָוען (געבאָרען דעם 14טען מאי 1771, געשטאָרבען דעם 17טען נאָוועמבער 1858) איז געוועזען דער גרעסטער סאָציאַליסטישער דענקער, וואָס ענגלאַנד האָט געגעבען דער וועלט; זיין סיסטעם איז דער אָריגינעלסטער בייטראג פון ענגלאַנד צו דער געשיכטע פון סאָציאַליסטישען געדאַנק. „קיין ענגלישער סאָציאַליסט — שרייבט פּראָפעסאָר דיעהל — האָט ניט געהאַט אפילו לערך אזא טיעפע ווירקונג ווי אָוען... מען קען זאָגען, אז אַלע גרויסע רעפאָרם אידעען וואָס זיינען אויפגעקומען אין ענגלאַנד אין פערלויף פון 19טען יאָהרהונדערט, שטאַמען דירעקט אָדער ניט־דירעקט פון אָוענס איניציאַטיווע".

אָבער, ניט קוקענדיג אויף דעם, איז דער פעריאָד אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם און פון דער ארבייטער־בעוועגונג אין ענגלאַנד, וואָס איז דירעקט געשטאַנען אונטער דעם צייכען פון אָועניזם, ד. ה. וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען אין דעם גייסט און אין דער ריכטונג פון אָוענס לעהרען, געוועזען פון גאַנץ קורצען דויער. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, ווייל „אָט דער גייסטיגער ריעז איז געשטאַנען — ווי מ. בער דריקט זיך אויס — אויפ'ן צווישען־וועג פון סאָציאַליזם פון דער נייער צייט און דער נייסטער צייט". זיינע לעהרען האָבען פיעל נייע און אָריגינעלע געדאַנקען ענטהאַלטען, אָבער די יסודות פון זיין וועלט־אַנשויאונג זיינען פעראַלטעטע געוועזען.

גאַנץ פריה האָט אָוען אָנגעהויבען זיין רייכע, לאַנגע לעבענס־ארבייט; עס האָט גענומען יאָהר־צעהנדליגע ביז ער האָט דערגרייכט צו זיין העכסטען ענטוויקלונגס־פונקט. און ווען ער איז שוין אפילו צו יענעם הויך־פונקט געקומען (אין זיין וויכטיגסטער סאָציאַליסטישער שריפט „די סאָציאַלע סיסטעם", געשריבען 1821, געדרוקט 1826-27) האָט זיך ערשט ארויסגעוויזען אז די צוויי וויכטיגסטע פאָרבעדינגונגען פאַר יעדער ערפאָלגרייכער סאָציאַליסטישער טעטיגקייט: די אָנערקענונג פון היסטאָרישער ענטוויק־

לונג און פון דעם אַרבייטערס ק ל אַ ס ע נ ק אַ מ פּ ף בכלל און פון פּאָליטישען קאַמפּף בפרט, זיינען איהם געבליבען פרעמד. און דערפאַר, ווי נור עס האָט זיך אין ענגלאַנד דער פּאָליטישער קלאַסענקאַמפּף צוברענט, שוין באַלד אין דעם פעריאָד פון טשאַרטיזם, איז אָועו מיט זיינע אידעען פערשטופּט געוואָרען פון דער ביהנע און איז אין די לעצטע יאָהרצעהנדליגע פון זיין לאַנגען לעבען געבליבען מחוץ למחנה פון דער אַרבייטער־בעוועגונג.

ראָבערט אָועו איז געקומען צום סאָציאַליזם ניט פּלוצלונג, ניט אויפ'ן וועג פון אַן אינעווועניגסטער גייסטיגער רעוואָלוציע, נאָר טריט ביי טריט, אויפ'ן וועג פון לאַנגזאַמער ענטוויקלונג (עוואָלוציע). זייענדיג אַ פּראַקטישער ר ע פ אָ ר מ ע ר בעצם, אַ פילאַנטראָפּ נאָך זיין האַרציגקייט, און אַ לעהערער און ערציהער נאָך זיינע נייגונגען, איז ראָבערט אָועו געוואַקסען צוזאַמען מיט די אויפגאַבען וואָס זיינען איהם פון דער פּראַקטישער ווירקליכקייט געשטעלט געוואָרען. די שווערקייטען און שטערונגען וואָס ער האָט בעגעגענט אויף דעם וועג פון סאָציאַלע רעפאָרמען האָבען איהם געטריבען אַלץ ווייטער און טיעפער, ביז ער איז דערגאַנגען צום קאָמוניזם, אַלס אידעאַל און צוועק און צו קאָמוניסטישע קאָלאָניעס ראשית און שפּעטער צו אַרבייטס בייט־ביינק אַלס מיטלען צום צוועק. אָבער שטענדיג איז ער געבליבען דער פערזאָרגער פון אויסווענדיג, דער פילאַנטראָפּ, און ער האָט אויך זיינע האָפנונגען אויף דער דורכפיהרונג פון זיינע אידעאַלען און פּאָדערונגען געלאָזט אויף פערזאָרגער פון אויסער די רייהען פון אַרבייטער קלאַס; די דעמאָקראַטיע האָט ער ניט פערשטאַנען און ניט געאַכטעט; דעם ביטערען קלאַסען־קאַמפּף האָט ער געהאַסט. און דערפאַר איז דער היכל, דער קדשי־קדשים פון דער אַרבייטער־בעוועגונג, ד י ז ע ל ב ס ט ב ע פ ר י י א ו נ ג, געבליבען איהם ווייט און פרעמד. דאָס וואָס „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט“ האָט געמאַכט פאַר דעם גרונדזייל פון יעדער אַרבייטער בעוועגונג „די בעפרייאונג פון די אַרבייטער איז די זאַך פון די אַרבייטער אַליין“, איז אין אָוענס אויגען געווען אַ שטערונג פאַר'ן פאָרשריט און פאַרן קאָמוניזם. ער האָט ג ע ה אַ ס ט דעם אַרבייטערס קאַמפּף.

די ערשטע גרויסע סטאַנציע אויפ'ן ענטוויקלונגס־וועג פון אָוועניזם הייסט נ י ו ־ל א נ א ר ק. דאָרט,אין די וועבעריי פאַבריקען פון וועלכע ער איז געווען דער הויפּט אייגענטימער און דער גאַנצער פערוואַלטער, האָט ער געפּרובירט רעפאָרמירען די געזעלשאַפט און איינפיהרען די הערשאַפט פון גערעכטיגקייט, גליק און צופרידענהייט דורך פּראַקטישער פילאַנטראָפּיע, אויפ'ן ריין־אינדיווידואַליסטישען פּריוואַטען אופן, גאָר אָהן שום ענדערונג אין דער עקזיסטירענדער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און יורידישער אָרדנונג, גאָר אָהן דער הילף זאָגאָר פון דער מלוכה. ארויסגעהענדיג פון דעם גרונד־געדאַנקען אַז דער מענש איז בטבע גוט און ארבייטזאַם און צופרידען, און נאָר די אומשטענדען, די סביבה מאַכען איהם שלעכט און פערדאָרבען, האָט אָוען גענומען היילען די שכורים און פוילע און פערדאָרבענע צווישען די ארבייטער אויף זיינע פאַבריקען און רעפאָרמירען זיי דורך דערלייכטערונג פון זייער נויט און דורך ערציהונג.

די פילאָזאָפיע פון דיזען פעריאָד פון אָוענס טעטיגקייט איז ענטהאַלטען אין זיין ווערק „א נייער בליק אויף דער געזעלשאַפט“ 1812—13. אָט זיינען די יסודות פון דער לעהרע: 1) דער כאַראַקטער פון א מענשען ווערט בכלל בעשטימט פון די אומשטענדען און סביבה, ניט פון דעם מענשען אליין. די אייגענשאַפטען וואָס זיינען איינגעבאָרען האָבען א פיעל קלענערע בעדייטונג. 2) אלע געוואוינהייטען און געפילען קען מען ביי א מענשען ערציהען. 3) די מענשליכע נייגונגען זיינען ניט אבהענגיג פון דער קאָנטראָלע פון יחיד. 4) יעדער יחיד קען געבראַכט ווערען דערצו, אַז ער זאָל שאַפען מעהר ווי ער קען פאַרברויכען. 5) די קולטור האָט געשאַפען די מיטלען צו האַלטען שטענדיג די בעפעלקערונג אין א גוטען מעמד, אַז יעדער יחיד זאָל קענען געניסען דאָס העכסטע גליק און אַז מען זאָל ניט דאַרפען שטערען דער בעפעלקערונג זיך צו פערמעהרען. 6) יעדער כלל קען געבראַכט ווערען אין אזא צושטאַנד וואו אלע זאָלען זיין גליקליכער ווי ביז איצט. 7) אלע יסודות אויף וועלכע די געזעלשאַפט איז געבויט ביז איצט זיינען פאַלש. 8) די איבערקערעניש קען דורכגעפיהרט ווערען אזוי אַז קיין איינציגער זאָל דאָס קלענסטע ניט ליידען.

אוען האָט געמיינט אז זיין גוטער ביישפּיעל, דער מאַטער־יעלער און מאָראַלישער ערפאָלג פון דעם גרויסען עקספּערימענט מיט די ארבייטער אין זיינע פאבריקען, וועט קענען עפנען די אויגען אויך ביי אנדערע פאבריקאנטען און זיי ווייזען אז דורך גוטסקייט און מענשליכקייט צו די ארבייטער קענען זיי אליין זאָגאר זייערע פּראָפיטען פערגרעסערען. און דערפאר איז ער צו די פאבריקאנטען מיט זיינע סאָציאַל־רעפאָרמישע פּלענער געקו־מען. צו די ארבייטער האָט ער זיך געווענדעט מיט א בריעף אין וועלכען ער טרעט שארף ארויס געגען דעם קלאַסענקאמפּף.

די בעגעגניש וואָס ער האָט בעקומען מצד פון די פאברי־קאַנטען איז געווען פיעל וועניגער ווי פריינדליך. אוען האָט זיך דאָ אָנגעשלאָגען מיט'ן קאָפּ אָן דער אייזערנער וואנד פון קאַ־פּיטאַליסטישער ווירקליכקייט, וואָס בעשטעהט ניט פון קיין סענ־טימענטאלע האַרמאָניע חלומות, נאָר פון קלאַסען־הפכים און קלאַסען־קאמפּף. ער האָט אָבער דעם מוט ניט פערלאָרען. פער־קערט, זיין מוט איז געוואַקסען מיט די שטערונגען. ער האָט דאָס פעלד פון זיין פּראָפּאַגאַנדאַ אויסגעשפּרייט. צו דער געזעצגעבונג האָט ער גענומען זיך ווענדען, זי זאָל טהאָן דאָס, וואָס די פאַב־ריקאַנטען אליין ענטזאָגען זיך צו טהאָן. אָט אזוי האָט דער צווייטער עטאַפּ פון אוען'ס סאָציאַל־רעפאָרמישער טעטיגקייט אָנ־גענומען די פאָרמע פון אַן ענערגישער פּראָפּאַגאַנדאַ פון פאבריק־געזעצגעבונג און רעפאָרמע פון דער פערזאָרגונג פון אָרימעלייט.

עס איז געווען אין רעכטען מיטען פון שווערען עקאָנאָמישען קריזיס פון יאָהר 1815 בעת אוען איז ארויס מיט זיין גרויסאַר־טיגען פאָרשלאָג, ווי די מלוכה זאָל פערענטפערן די גרויסע פראגע פון זאָרג פאר די ארבייטסלאָזע. ער האָט נעמליך פאָרגעשלאָגען אז זי אליין, די מלוכה, זאָל בעשעפטיגען די ארבייטסלאָזע אין קאָ־מוניסטישע קאָלאָניעס פון 1500 מאַן, בערך, יעדע. די רעגיערונג וועט געבען די ערד און די מיטלען און די מענשען — זייער ארבייט.

דורך זייער ארבייט וועלען די ארבייטס־לאָזע קודם־כל זיך אליין דערנעהרען און זיי וועלען נאָך קענען צוריקצאָהלען די קאַפּיטאַלען און צינזען וואָס זיינען פערברויכט געוואָרען אויף די קאָלאָניעס.

קליין זיינען געווען אועןס ערפאָלגען אויף דעם געביעט פון פאַבריקגעזעצען. נאָר אַ קליינער טייל פון דעם וואָס ער האָט געפאָדערט און פאָרגעשלאָגען איז דורכגעפיהרט געוואָרען, און אין גאַנצען פּרוכטלאָז איז פאַרביי זיין אַגיטאַציע פאַר דער פערזאָרגינג פון די אַרבייטסלאָזע. מען האָט זיך צו זיינע פאָרשלעגע זאָגאַר ניט צוגעהערט. דאָך פאַר אועןן פערזענליך איז אָט די אַגיטאַציע געווען פון גרעסטער וויכטיגקייט. אין דעם פאָרשלאַג מערקט זיך שוין דער סאָציאַליסטישער רעפאָרמער, און פון דאָרט איז איהם געבליבען אַ גאַנץ קליינער שטח צום קאָמוניזם אַלס אידעאַל און צוועק פון דער געזעלשאַפט. ער איז דעם שטח דורך אין די נעכסטע פאַר יאָהר. אין די יאָהרען פון 1818 ביז 1821 איז אועןס קאָמוניסטישע סיסטעם געשאַפען געוואָרען אין איהר רייי־פער געשטאַלט.

אויפגעבויט איז אועןס קאָמוניסטישע סיסטעם אויף פאָל־גענדען אופן: אועןן שטעלט זיך קודם־כל אָפּ אויף דער ווירקונג פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, וואָס האָט געמאַכט מעגליך צו שאַפען גענוג פּראָדוקטען און עשירות פאַר אַלעמען. נו שטעלט ער די פראַגע: וויבאַלד אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, זינקען גאַנצע געזעלשאַפט־קלאַסען אַרונטער אַלץ טיעפער אין אָרימקייט און נויט, מוז עס דאָך זיין דערפאַר ווייל ניט אַלע מענשען בעקומען דורך דער עקזיסטערענדער אָרדנונג אַ חלק אין די נייע ערָאָבערונגען פון דער וויסענשאַפט און עקאָנאָמיע.

דער גרויסער חסרון פון אָט דער געזעלשאַפט־אָרדנונג איז ווייל די מאַשין האָט דורך איהר קאָנקורענץ מיט דער מענשליכער אַרבייט גענומען דריקען דעם לוין פון די אַרבייטער. און אַזוי ווי די אַרבייטענדע קלאַסען ציהען זייער יניקה נאָר פון דעם לוין און האָבען קיין אַנדער קוואַל פון הכנסה ניט, הייסט עס אַז זיי האָבען ניט פאַר וואָס צו קויפען גענוג פּראָדוקטען. די לאַגע איז אַזאַ: פון איין זייט ווערט מיט יעדען יאָהר אַלץ פערגרעסערט די פּראָדוקציע פון סחורות, פון דער צווייטער זייט ווערט אָבער דורך דער פערקלענערונג פון אַרבייטס־לוין אַלץ ווייניגער מעגליך פאַר די גרויסע אַרבייטער־מאַסען צו קויפען און צו פערברויכען די אַלע פּראָדוקטען. דערפאַר זיינען די מאַרקען איבערפילט מיט

סחורות, קריזיסען ברעכען אויס און די פּראָדוקציע מוז זיך אָבשטע־לען. דער פּעהלער ליעגט אַלזאָ — זאָגט אועז — ניט אין דעם אופן ווי די סחורות ווערען געשאַפען, נאָר אין דעם אופן ווי אַזוי די סחורות און פּראָדוקטען ווערען פערטיילט. עס פעהלט געוג בייט־מיטלען צו לאָזען די געשאַפענע סחורות אין אָבאָראָט, אין ציר־קולאַציע, זיי זאָלען איינע אויף די אַנדערע אויסגעביטען ווערען. דאָס קומט דערפון ווייל אַנשטאַט דעם נאַטירליכען בייט פון זאַ־כען אויף זאַכען לויט דעם ווערט פון די ארבייט, וואָס איז אין זיי פערטאָן, איז איינגעפיהרט געוואָרען דער בייטען סחורה אויף סחורה נאָר דורך דעם מיטעל פון געלד. דער גאַנצער מקח וממכר קומט פאָר דורך געלד, מען פערקויפט די סחורה פאַר געלד און מען קויפט מיט דעם געלד אַנדערע סחורה. דאָס איז אַ קינסטלי־כער בייט־מיטעל. אין אַמאָליגע צייטען איז עס טאַקי געווען גאַנץ נוצליך. איצט אָבער זיינען זילבער און גאָלד מעהר ניט בכח צו רעפּרעזענטירען די וואַקסענדע עשירות אז אַלץ זאָל נאָר אין געלד און דורך געלד מוזען אויסגעדריקט ווערען. עס איז געקומען די צייט פון דאָס נייע איינצופירען דעם דירעקטען בייט פון זאַכען אויף זאַכען, וואָס מען זאָל מעסטען דורך די שטונדען פון ארבייט וואָס איז אין זיי פערטאָן געוואָרען. אויף אַזאַ אופן וועט די מענשליכע ארבייט ווידער בעקומען איהר פולען פּרייז, און די מענשען וועלען שטענדיג קענען אָנגעהן מיט זייער פּראָ־דוקטיווער, שאַפענדער טעטיגקייט, ניט ליידענדיג קיינע שטאָקונ־גען און שטערונגען וואָס קומען צוליעב דעם אויסבייט אויף געלד. דער פּועל־יוצא וועט זיין, אַז די ארבייט וועט זיך פול בעצאָהלען און יעדער וועט קענען קויפען און פערברויכען מעהר פּראָדוקטען.

אָט די טעאָריע איז געווען דער ערשטער צוטריט אועז׳ס די־רעקט צום סאָציאַליזם. פון דאַנען איז ער מיט צוויי וועגען אוועק צו דער פּראַקטישער דורכפיהרונג פון זיינע קאָמוניסטישע אידעען.

אין אָנפאַנג האָט ער זיך געכאַפּט פאַר דעם ראַדיקאַלען און, ווי איהם האָט זיך אויסגעוויזען נאָר אַ ווירקזאַמען מיטעל; פאַר דער גרינדונג פון קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, וואָס זאָלען איינע מיט די אַנדערע זיין פערבונדען דורך דעם אויס־בייט פון די סחורות וואָס זיי קענען אַליין ניט שאַפען.

ער האָט געגלויבט אַז דער קאָמוניסטישער אופן פון פּראָדוקציע וועט שאַפען הארמאָניע פון אינטערעסען. און אַזוי ווי עס וועט געשאַפט ווערען מעהר ווי עס קען פערברויכט ווערן, וועט מען ניט דאַרפען זאָרגען אויף פאַר דער צוקונפט.

די פּראַקטישע דורכפיהרונג פון אָט דעם קאָמוניסטישען עקס־פּערימענט איז אַריבערגעטראָגען געוואָרען פון אונז אין דער נייער וועלט. אין דער פרייער סביבה, ווייט פון קאַפּיטאַליסטישען טו־מעל, האָט ער געמיינט, וועט זיך די זאַך לאָזען לייכט דורכפיה־רען. די קאָלאָניע „ניו־הארמאָני“, וואָס ער האָט אָבגעקויפט פון א סעקטע ראַפּיסטען אין יאָהר 1842, פאַר 150,000 דאָלער, האָט געזאָלט זיין דער פּראַקטישער, איבערציינענדער עקספּערימענט. אָבער די ענטוויקלונג איז געווען אַ שווערע. אין קוים צוויי יאָהר האָט די קאָלאָניע 7 מאָל איהרע קאָנסטיטוציעס געביטען. און נאָך אַנאַנד האָט זי איבערגעלעבט אינווייניגסטע רייסערייען און שפּאַלטונגען ביז זי איז אין גאַנצען צופאַלען. די אַנדערע אווניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ האָבען אויך קיין ערפאָלג און קיין לאַנגען קיום ניט געהאַט. נאָך דעם גרעסטען טייל פון אווען׳ס מיטלען האָט דיזער עקספּערימענט פערשלונגען.

דאָך אפילו זעהענדיג זיין עקספּערימענט מיט קאָמוניסטישע קאָלאָניעס צושטערט, האָט אווען פונדעסטוועגען ניט אויפגעגעבען די קאָמוניסטישע אידעען. עס האָט איהם גענומען עטליכע יאָהר ביז ער האָט אויף אַן אַנדער אופן גענומען דורכפיהרען זיינע קאָ־מוניסטישע פּלענער. דאָס איז געווען זיין צווייטער וועג צום קאָמוניזם: דורך ארבייט־באַנקען, בייט־באַזאַרען און פּראָ־דוקטיווע קאָאָפּעראַציעס. אָט די נייע עקספּערימענטען האָט ער שוין געפּרובירט דורכפיהרען אין די אינדוסטריעלע צענטרען פון ענגלאַנד גופא. אָבער קודם כל איז נויטיג געווען, אַז אווען׳ס געדאַנקען און לעהרען זאָלען ווערען פּאָפּולער צווישען די מאַסען. דאָס איז טאַקי געשעהן אין די 20טע און 30טע יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט. פון יאָהר 1819 אָן האָבען זיך אַרום אווען גענומען קלייבען אָנהענגער פון די רייהען פון סאָציאַלע רעפאָרמער און שריפטשטעלער. פיעל פּאָפּולאַריזאַ־טאָרען האָבען זיינע אידעען שטאַרק פערשפּרייט צווישען די

גרויסע אַרבייטער־מאַסען, און די מאַסען האָבען פון זייער זייט אין פערשיעדענע פאָרמען גענומען זיינע אידעען דורכפיהרען. קאָ־מוניסטישע קאָאָפּעראַציעס האָבען זיך גענומען גרינדען. אין אַ גרויסען מאַסשטאַב און מיט מעהר ערפאָלג האָבען די קאָנסום פעראיינען, אין וועלכע אוען האָט געזעהן אַ פערפעלשונג פון זיינע לעהרען, גענומען זיך פערשפּרייטען.

עס איז געווען אין דעם יאָהרצעהנדליג צווישען 1820 און 1829 ווען דער אועניזם האָט בעהערשט די אַרבייטער־בעוועגונג פון ענגלאַנד. דער סאָציאַליזם גופא איז אין יענע יאָהרען פערשטאַ־נען און אויסגעטייטשט געוואָרען אין אוענס זינען און אין דער גרינ־דונג פון קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען האָט מען געזעהן דעם מיטעל צום קאָמוניסטישען ציעל.

אין דעם פעריאָד פון אויפבליהונג פון זיינע קאָאָפּעראַטיוו־קאָמוניסטישע אידעען און ביים ערשטען צופלאַקערן זיך פון פּאָ־ליטישען און קלאַסען־קאַמפף דורך די אויפקומענדע טשאַרטיסטען בעוועגונג, איז אוען אין יאָהר 1831 ווידער געקומען צום פראָנט מיט זיין צווייטען גרויסען סאָציאַליסטישען עקספּערימענט, דורך וועלכען ער האָט געמיינט פריעדליך דורכצופיהרען די עקאָנאָמישע איבערבויאונג פון דער געזעלשאַפט, מיט די אַרבייט־באַנקען און באַזאַרען. אין אָנפאַנג יאָהר 1831 איז געגרינדעט געוואָרען דער „אינסטיטוט פאַר אינטעליגענטע און גוטגעזינטע אַרבייטער־קלאַסען, אָבצושאַפען די אונוויסענהייט און אָרימקייט“. דער צוועק פון דעם אינסטיטוט איז געווען: צו ערציהען די קינדער פון די אַרבייטער, אויפצוקויפען ערד פאַר לאַנדווירטשאַפטליכע שולען און „אויסצובייטען לעבענסמיטלען, קליידער און אַנדערע חפצים אויף אַנדערע זאַכען וואָס זיינען געשאַפען דורך אַרבייט, לויט דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט, דורך דעם מיטעל פון אַרבייט־פּאַפּיר־געלד“, אויך צו גרינדען אַ באַנק, וואָס זאָל אויסבייטען די אַרבייט־פּאַפּירען אויף רעגיערונגס געלד, דאָס הייסט דער אינסטיטוט האָט געדאַרפט דורכפיהרען אין לעבען די אויבען שוין־ערקלערטע טעאָריע מכח דעם אומקערען זיך צו בייטען זאַכען אויף זאַכען לויט זייער אַרבייט־ווערט.

דער אינסטיטוט איז געוואָרען באַלד דער מיטעלפּונקט פון

דער גאַנצער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג. דאָרט איז אין דער לעצטער אַפּריל־וואָך פון 1832 אָבגעהאַלטען געוואָרען דער דריטער קאָאָפּעראַטיווער צוזאַמענפאָהר, אויף וועלכען עס זיינען געווען פערטראָטען 65 קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, צווישען זיי 29 פּראָדוקטיווע פעראיינען.

דעם 3טען סעפּטעמבער פון זעלבען יאָהר איז דער בייט־באַזאַר געווען ערעפענט און ער איז אין די ערשטע 4 חדשים געווען אין ערפאָלג. פאַר 600 פונט סטערלינג (3000 דאָל.) א וואָך, דורכשניטליך, זיינען דאָרט אויסגעביטען געוואָרען זאַכען אויף זאַ־בען. אַזוינע אינסטיטוטען האָבען זיך גענומען פערשפּרייטען. אוען אַליין האָט פאַר דעם מיט זיין גאַנצער ענערגיע אַגיטירט איבער'ן גאַנצען לאַנד. אָבער דיזער עקספּערימענט האָט זיך אין קורצען געענדיגט, ווי ער האָט געמוזט זיך ענדיגען, מיט א קראַך! עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויזען, אז מען האָט אָנגעבראַכט זאַכען וועלכע מען דאַרף ניט און צוגענומען זאַכען וואָס זיינען נוצליך. דער גאַנצער פּלאַן צו וועלען רעגולירען די צירקולאַציע, דעם אויס־בייט פון זאַכען, ניט רעגולירענדיג די פּערפערטיגונג פון די זאַכען ענטהאַלט אין זיך א ווידערשפּרוך. אויך איז פאַלש צו מיינען, אז מען קען אָבשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם, ניט אָבשאַפענדיג דעם יסוד אויף וועלכען ער האַלט זיך: דאָס פּריוואַט אייגענטום אויף די פּראָדוקציאָנס מיטלען. אין בעסטען פאַל האָבען ביי די אַלע ארבייט־באַנקען און רעגירונג־וואַרקשטאַטען נור א גאַנץ קליינער טייל פון די ארבייטענדע כחות, הויפּטזעכליך פון האַנדוועהקער, געקענט בעשעפטיגט ווערן. די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אונטער־נעמונגען זיינען שטענדיג געבליבען ניט אָנגעריהרט דורך די אַלע זאָרטען עקספּערימענטען.

פאַר דעם קורצען צייטווייליגען ערפאָלג פון זיינע ארבייט־באַנקען האָט אוען געמוזט נאַכהער צאָהלען מיט יאָהרען פון ענט־טוישונג. זיין איינפלוס אויף דער ארבייטער־בעוועגונג איז גע־וואָרען קליין, זיינע בעציהונגען — ווייטע, כאָטש ביז'ן טויט איז ער געבליבען א הייסער איבערגעבענער פריינד פון די ארבייטענדע מאַסען.

די ענגלישע ארבייטער בעוועגונג האָט אונטערדעסען דורכגע־לעבט איהרע גלאַנץ־יאָהרען — ד ע ם פּ ע ר י אָ ד פ ו ן ט ש א ר ט י ז ם.

8טע לעקציע.

# די טשאַרטיסטישע בעוועגונג

די טשאַרטיסטישע בעוועגונג שטעלט מיט זיך פאַר דעם גלאַנץ פעריאָד אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער ארבייטער בעוועגונג. זי האָט אויסגעפילט דעם 2טען פערטעל פון 19טען יאָהרהונדערט ניט נאָר אין דער געשיכטע פון די ארבייטענדע קלאַסען, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון ענגלאַנד.

„די טשאַרטיסטען־בעוועגונג איז געוועזן — שרייבט פּראָפעסאָר ברענטאַנאָ — די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע בעוועגונג פון 19טען יאָהרהונדערט, ד. ה. די ערשטע בעוועגונג, וואָס איז געווען געטראָגען פון דעם גרונד־געדאַנק, אַז די ארבייטער מוזען עראָבערען די פּאָליטישע הערשאַפט כדי צו קענען אָרגאַניזירען די פאָלקס בעלי בית'שקייט דורך דער מלוכה אין די אינטערעסען פון די ארבייטער".

אַלזאָ, דער תוך איז געווען די עראָבערונג פון פּאָליטישער מאַכט און הערשאַפט, אָבער דאָס נאָר אַלס אַ מיטעל כדי צו קענען דורכפיהרען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעוואָלוציע. — אויף אַזוי ווייט איז די בעוועגונג זעהר עהנליך און גייסטיג פערוואַנדעט מיט דער מאָדערנער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער בעוועגונג.

אָבער אין דער ווירקליכקייט איז די טשאַרטיסטישע בעוועגונג געווען אָבגעשטאַנען אין אַלץ. קיינע פעסטע טעאָרעטישע יסודות האָט זי ניט געהאַט; די סאָציאַליסטישע צוקונפטס אידעאַלען זיינען געווען ביי איהר ניט קלאָר פאָרמירט. אויך איהר טאַקטיק איז געווען זעהר ניט קיין בעשטימטע. זי איז דורכגעגאַנגען פערשידענע עטאַפּען. זי האָט זיך געוואָרפען, ווי אין אַ קדחת, צווישען הויכער בעגייסטערונג און אַפּאַטיע, צווישען פּאָליטיש פּאַרלאַמענטאַרישע קאַמפּפס־מיטלען און פיזישע גוואַלט־מיטלען. מען האָט פּיעלעס געפּלאַנעוועט. אָבער אַזוי ווי דער ארבייטער קלאַס איז געווען ניט אָרגאַניזירט און גייסטיג ניט פאָרבערייט, האָבען נאָר ווענינע פון די בעשלוסען געקאָנט קרעפטיג דורכגעפיהרט ווערען. די שטאַרקייטען און שוואַכקייטען פון דער טשאַרטיסטי־

שער בעוועגונג קומען דערפון וואָס זי איז געווען אַ מעכטיגער סטיכישער אויסברוך פון קלאַסען־קאַמפף. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע איז דערפאַר געווען הויך און מעכטיג, זי האָט אָבער זיך געטראָגען בלינד, אָהן אַ קלאָרען, געגויען פּלאַן און וועג.

די טשאַרטיסטישע בעוועגונג האַט געהאַט צווייערליי וואָרצלען: פון אויבען אויף האָבען זיך געזעהן די וואָרצלען פון אַגיטאַציע און קאַמפף פאַר די פּאָליטישע רעכטע אין דער פאָרם פון פאַרלאַמענטאַרישע רעפאָרמען און דעמאָקראַטיזירונג פון וואַהלרעכט. צוליעב דעם און אויף אַזוי ווייט איז דער אַרבייטער־קלאַס אין אָנפאַנג געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט די מיטעל־קלאַסען פון דער בורזשואַזיע, וועלכע זיינען ביז דעם יאָהר 1832 אויך געווען בעראַבעוועט פון זייער וואַהלרעכט. אין יענעם ערשטען פעריאָד זיינען געשאַפען געוואָרען פּאָליטישע יוניאָנס. די לאָנדאָנער „נאַציאָנאַלע יוניאָן פון אַרבייטער קלאַס“ איז אין יענעם ערשטען עטאַפּ געווען די הויפּט־טרעגעריון פון דער בעוועגונג. ריעזיגע אַרבייטער פערזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס זיינען געווען דער מיטעל. דאָך אַ מינאָריטעט האָט שוין יעמאָלט גענומען ריידען וועגען אַ בעוואַפענטען אויפשטאַנד, וועגען צוריקציהען דאָס געלד פון די ביינק. די רעגירונג האָט זיך דערשראָקען און דער רעפאָרם ביל פון לאָרד גריי, וואָס האָט געגעבען וואַהלרעכט צו די בעזיצער פון הייזער אין ווערטה פון 10 פונט סטערלינג (50 דאָל.) וועניגסטענס, איז געוואָרען אַ געזעץ אין זומער 1832.

די וואַהלען פון אויגוסט 1832 לויט דעם נייעם וואַהלרעכט, האָבען דורכגעריסען די פּאָליטישע וואָרצלען און קלאָר אַרויסגעבראַכט די צווייטע, די פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישע וואָרצלען פון דער טשאַרטיסטען־בעוועגונג. דורך די וואַהלען און בעזונדערס נאָך די וואַהלען, ווען דער נייער פאַרלאַמענט האָט מיט 501 געגען 22 שטימען געגעבען זיין הסכמה דער „פינאַליטעטס ערקלערונג“ פון דעם הויפּט פון דער רעגירונג, לאָרד ראַסעל, ד. ה. צו דער ערקלערונג אַז מעהר קיין וואַהל־רעפאָרמען וועלען ניט זיין, — יעמאָלט איז די קלאַסען־ליניע צווישען אַרבייטער־קלאַס און די בורזשואַזע מיטעלקלאַסען געוואָרען שאַרף דורכגעצויגען. עס איז פון איצט אָן אַלץ מעהר און מעהר קלאָר געוואָרען פאַר די

אַרבייטער, אַז דער קאַמפף פאַר זייערע רעכטע איז אַ קאַמפף גע־גען די הערשענדע בורזשואזע קלאַסען און דאָס הייסט אַ קאַמפף געגען דער איצטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. אָט די סאָצי־אַליסטישע ענד־ציעלען פון דער טשאַרטיסטען בעוועגונג זיינען געוואָרען גאַנץ בולט אין די נעקסטע איניגע יאָהרען. און אויף דעם פעסטען, זיכערען גרונד פון אונאבהענגיגער אַרבייטער פּאָלי־טיק מיט סאָציאַליזם אַלס ענדציעל איז די טשאַרטיסטישע בעווע־גונג אויסגעוואַקסען.

די גרויסע ענטוישונג מיט די אויפטואונגען פון דער וואַהל־רעפאָרם האָבען, צייטווייליג פאַראיבערגעהענד, געהאַט די וויר־קונג דאָס אַן אַנטי־פּאַרלאַמענטאַרישע שטימונג האָט זיך פער־שפּרייט צווישען די אַרבייטער מאַסען. זיי האָבען יעמאָלט גע־נומען זוכען די ישועה אין זייערע אייגענע עקאָנאָמישע אָרגאַני־זאַציעס. זיי זיינען געוואָרען ס י נ ד י ק אַ ל י ס ט י ש ־ אַ נ ט י ־ פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט אַ ר י ש. די עקאָנאָמישע אָר־גאַניזאַציעס פון איינצעלנע פאַכען („טרייד יוניאָנס") פאַר גע־גענזייטיגע הילף און פאַר סטרייק־צוועקען, ווי אויך די אָרגאַני־זאַציעס פון פערשיעדענע פערבונדענע פאַכען („די טריידס־יוניאָנס") וואָס זיינען ביז יעמאָלט געווען פּאָליטיש נייטראַל, זיינען געוואָ־רען איצט אַנטי פּאַרלאַמענטאַריש. די אַרבייטער האָבען געהאָפט דירעקט דורך די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, אין פערבינדונג מיט די קאָאָפּעראַציעס, צום סאָציאַליזם צו קומען. דער פעראייניג־טער קאָנגרעס פון די ביידע זאָרטען אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז אָב־געהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן אין אָקטאָבער 1833, האָט מיט זיך געבראַכט אַ גרויסע אויפלעבונג. אין נאָוועמבער 1833 האָט מען שוין געהאַט גערעכענט אַרום 800,000 אָרגאַניזירטע אַרביי־טער. אין אָט דער קאַמפּפס־אַטמאָספערע איז געשאַפען געוואָ־רען די פאָדערונג פון 8 שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און די אידעע וועגען אַ גענעראַל סטרייק, וואָס וויליאַם ווענבאו האָט נאָך אין יאָהר 1832 גענומען פּרעדיגען, איז איצט אויפגענומען געוואָרען אַלס מיטעל צו צווינגען די קאַפּיטאַליסטען נאָכצוגעבען די פאָדע־רונג. דער גענעראַל סטרייק האָט געזאָלט אויסברעכען דעם 1טען מאַרץ 1834. מאָריסאָן און סמיט האָבען געהייסען די הויפּט פיה־

רער פון דעם פעריאָד. א „גרויסע פעראייניגטע טריידס יוניאָן“ איז געשאַפען געוואָרען אין פעברואר 1834 וואָס זאָל סאַי די מיטלען, סאַי די מאַכט פון אַלע ארבייטער אָרגאַניזאַציעס קאָנטראָלירען. זי איז אָבער געווען א טויט־געבאָרען קינד. קאַפּיטאַל, פּרעסע און רעגיערונג האָבען געזוכט דאָס קינד גלייך ביים געבורט צו דערשטיקען. סטרייקס און באָיקאָטס האָבען איהרע שוואַכע כחות אויסגעזויגען — גנב'ישע בעאַמטע האָבען דאָס איבעריגע אויפגעגעסען. פאַרביטערטע שטרייטיגקייטען האָבען שפּאַלטונגען ארויסגערופען. אין ווייניג וואָכען נאָך איהר געבורט איז דאָס ריעזיגע קינד שוין טויט געווען; צוזאַמען מיט איהם זיינען אין שטויב געזונקען די ארבייטס־באַנקען; די קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעהמונגען האָבען א שטאַרקען שטויס צוריק בעקומען; די קורצע סינדיקאַליסטישע פאַזע פון דער בעוועגונג איז געווען געענדיגט. געבליבען איז אַן אַלגעמיינע אַפּאַטיע און שטילשטאַנד און עס איז נויטיג געווען צוויי יאָהר צייט צו קענען די מאַסען ווידער אריינציהען אין פּאָליטישע אינטערעסען. די ראָלע פון וועקער און רופער צום קאַמפּף האָט איבערגענומען די לאָנדאָנער ארבייטער אינטעליגענץ. זי האָט געפּרעדיגט די אָרגאַניזירונג פון פּראָלעטאַריאַט אין א זעלבסטשטענדיגע ארבייטער פּאַרטיי; פּאָליטישע טעטיגקייט מיט סאָציאַליזם אלס צוועק, א פריעדליכע ערציהערישע טאַקטיק און די אָבהאַלטונג פון מאַסענפערזאַמלונגען מיט ארבייטער אלס פּאָרזיצענדע. דער גייסטיגער פיהרער פון דער בעוועגונג, מיט וועלכער עס הויבען זיך אָן די יאָהרען פון טשאַרטיזם אין ענגערן זינען, איז געווען וויליאַם לאָוועט (געב. 8 מאַי 1800), און דער „לאָנדאָנער ארבייטער פעראיין“ איז געווען די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט די ריכטונג פערטראָטען. אין דער געשיכטע איז די ריכטונג פערבליבען אונטער דעם נאָמען „די פּאַרטיי פון מאָראַלישער גוואַלט“, וואָס דאָס בעדייט אַז זי איז געווען א געגנערין פון יעדער גוואַלט־טאַקטיק.

לאָוועט איז געווען דער פערפאַסער פון טשאַרטער, נאָך וועלכען די גאַנצע בעוועגונג רופט זיך. טשאַרטער — הייסט א דאָקומענט, וואָס זיכערט געוויסע פונדאַמענטאַלע רעכט. אין דער ענגלישער געשיכטע זיינען טשאַרטערס בעריהמט; די גרונד־

לאַגען פון די ענגלישע פּריוויליגיעס זיינען ענטהאַלטען אין גרויסען טשאַרטער "Magna Charta" לאַוועט האָט אַט דעם פּאָפּו־לערען נאָמען איצט בענוצט פאַר דער אַגיטאַציע און האָט אין דער פאָרמע פון א געזעץ־פּראָיעקט — „דעם פאָלקסטשאַרטער" פאָר־מולירט די הויפּט־פאָדערונגען פון דער בעוועגונג. זיי זיינען ענט־האַלטען אין פאָלגענדע 6 פּאַראַגראַפען : 1) גלייכעס וואַהלרעכט, 2) גלייכע איינטיילונג פון די פּאַרלאַמענטס קרייזען, 3) אָבשאַפונג פון צענזוס פאַר די פּאַרלאַמענטס קאַנדידאַטען, ד. ה. יעדער ביר־גער זאָל קענען זיין א קאַנדידאַט, 4) יעדען יאָהר וואַהלען צום פּאַרלאַמענט, 5) געהיימע אָבשטימונג, 6) בעלוינונג פאַר די פּאַר־לאַמענטס־מיטגליעדער.

ווי איהר זעהט, איז דער טשאַרטער א ריין־פּאָליטישער דאָ־קומענט און האָט פאַר זיין צוועק נאָר די דעמאָקראַטיזירונג פון פּאַרלאַמענט. ווען מיר דערמאָנען זיך אָבער אז פון 6,023,752 דערוואַקסענע מענער איבער 21 יאָהר אַלט, וואָס האָבען יעמאָלט געלעבט אין ענגלאַנד, האָבען נאָר 840,000 געהאַט שטימרעכט, דאַן ווערט אונז פערשטענדליך פאַרוואָס מען האָט צוגעגעבען אזוי פיעל בעדייטונג צו די פּאָליטישע פאָדערונגען. די פיהרער פון ארבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד דעמאָלט זיינען געווען זיכער — פּונקט ווי שפּעטער לאַסאַל — אז אויב מען זאָל נאָר געבען די ארבייטער גלייכעס וואַהלרעכט, וועלען זיי האָבען די מאַיאָ־ריטעט אין פּאַרלאַמענט און בענוצען די פּאָליטישע מאַכט פאַר סאָציאַלע איבערבויאונג.

אויף א גרויסער פערזאַמלונג אין לאָנדאָן דעם 29טען פעב־רואר 1837 איז דער טשאַרטער פאָרמולירט געוואָרען און עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו קלייבען אונטערשריפטען פאַר מאַסען־פּעטיציעס מיט די פאָדערונגען און זיי אַריינשיקען אין פּאַר־לאַמענט דורך די פריינדליכע ראַדיקאַלע דעפּוטאַטען. עס האָט נאָך אפילו גענומען גאַנצע 14 חדשים ביז דער טשאַרטער איז ענדליך פערעפענטליכט געוואָרען. אָבער אונטערדעסען איז שוין שטאַרק אַגיטירט געוואָרען פאַר איהם. דער גאַנצער ארבייטער־קלאַס איז געווען מאָביליזירט.

דער רעזולטאַט פון דער גרויסער בעוועגונג און אויפרעגונג

פון יאָהר 1838 איז געווען די צוזאַמענרופונג פון אַן „אַלגעמיינעם קאָנוועגט פון די ארבייטענדע קלאַסען" וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן פון 4טען פעברואר 1839. דאָס איז געווען דער ערשטער ארבייטס־פּאַרלאַמענט פון ענגלאַנד. צוליעב די גע־זעצליכע בעשרענקונגען האָט ער ניט געקענט בעשטעהן פון מעהר ווי 49 דעפּוטאַטען. געוועהלט זיינען אָבער געווען53 דעלעגאַטען, וועלכע האָבען זיך צוטיילט אין 3 פראַקציעס: לינקע, רעכטע, צענטער. די רעכטע מיט קאָבעט און העדלי בראש זיינען געווען געגען יעדען ערנסטען קאַמפּף און שארפע ווערטער. זיי האָבען געוואָלט מען זאָל פערבלייבען אבסאָלוט לעגאַל. די גרויסע מעהר־הייט פון קאָנוועגט, מיט אָ'קאָנער, לאָוועט, אָ'בראַין בראש, האָ־בען געבילדעט דעם צענטער. זיי זיינען געווען פאַר קאָנסטיטוציאָ־נעלע מיטלען, אָבער פאַר אַן ערנסטען קאַמפּף און שארפע אגיטאַ־ציע און אָ'קאָנער האָט זאָגאר אַן אָפענעם קאַמפּף מיט דער רעגיע־רונגס־מאַכט בעטראַכט אַלס קאָנסטיטוציאָנעל. די לינקע מיט דר. טיילאָר, הארני און אנדערע האָבען געוואָלט אַן אָפענעם אויפ־שטאַנד.

די מיינונגס פערשידענהייטען האָבען אַלץ מעהר זיך צו־שפּיעלט אויפ'ן קאָנוועגט, וועמעס זיצונגען האָבען זיך פארצויגען ביז דעם 14טען סעפּטעמבער. זיין הכנסה האָט דער קאָנוועגט געהאַט פון דער „נאַציאָנאַלער רענטע", אַ פּארטיי־אָבצאָהלונג, וואָס פלעגט אריינקומען יעדע וואָך. פערהאַנדעלט געוואָרען זיי־נען נאָך 2 פראַגען: 1) וואָס פאר מיטלען זאָל מען אָננעהמען אויב די פּעטיציע וועט צוריקגעוויזען ווערן? 2) ווי זאָל מען זיך שטעלען צו דער בעוועגונג און אגיטאַציע, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען צו יענער צייט זעהר שטאַרק פון בורזשואַזער זייט פאר דעם פרייהאַנדעל און פאר דער אָבשאַפונג פון אַבצאָהלונגען אויף תבואה? דער קאָנוועגט האָט זיך ארויסגעזאָגט געגען אָט דער אגיטאַציע, ווייל זי שטערט דער בעוועגונג פאַר פּאָליטישע רעכט. די ערשטע פראַגע האָט קיין קלאָרע געמיינזאַמע לאָזונג ניט גע־קאָנט געפינען.

אונטערדעסען זיינען משולחים פון קאָנוועגט ארומגעפאָהרען איבער'ן לאַנד אגיטירענדיג פאר דער זאַמלונג פון אונטערשריפ־

טען, אזוי אַז לאַנגע וואָכען נאָכאַנאַנד איז דער קאָנוועגט געווען גאַנץ שיטער בעזוכט. די לינקע: האַרני, ריידער און וואַרסדען, האָבען סיסטעמאַטיש אַגיטירט אין לאָנדאָן פאַר דער בעוואַפנונג פון פאָלק. ווייל דער קאָנוועגט האָט זיך ענטזאָגט זיי אויסצושליסען, האָבען דריי בירמינגהאַמער דעלעגאַטען פון דער רעכטער פראַקציע זיך צוריקגעצויגען. נאָך זייער אַוועקגעהן האָט די געוואַלט־טאַקטיק אַלץ מעהר אָנהענגער געוואונען. ערטערווייז האָט מען אָנגעהויבען דאָס פאָלק צו בעוואַפנען. זעהענדיג אַז די לופט פון לאָנדאָן איז צו פול מיט עלעקטריע, האָבען די אָנהענגער פון לעגאַלער טאַקטיק דורכגעפיהרט, אַז דער קאָנוועגט זאָל דעם 13טען מאַי 1839 אריבערציהען אין בירמינגהעם, וואו ער איז פון 50,000 אַרבייטער ענטוזיאַסטיש בעגריסט געוואָרען.

אין בירמינגהעם איז דער ערשטער אויפטו פון קאָנוועגט געווען צו פערעפענטליכען אַ מאַניפעסט, אין וועלכען עס זיינען אויפגעוואָרפען געוואָרען פאָלגענדע קאָמפּפסמיטלען: 1) אַרויסציהען די געלדער פון די ביינק, וואָס זיינען פריינדליך צום פאָלק און צו פאָדערן גאָלד און זילבער אַנשטאַט פּאַפּיר געלד; 2) די פּראָקלאַמירונג פון „הייליגען חודש", ד. ה. פון אַ גענעראַל סטרייק אין פערלויף פון אַ חודש און אַז אין דער צייט זאָלען קיין איינשיכור־ענדע געטראַנקען ניט געטרונקען ווערען; 3) זיך צו ענטזאָגען פון צאָהלען רענט פאַר וואָהנונגען; 4) זיך צו בעזאָרגען מיט וואָפען כדי צו קענען פערטיידיגען מיט גוואַלט די רעכט און פרייהייטען; 5) אויפצושטעלען טשאַרטיסטישע קאַנדידאַטען; 6) צו האַנדלען נאָר מיט טשאַרטיסטען; 7) צו קעמפּפען פאַר דעם טשאַרטער מיט אַלע מיטלען; 8) ניט צו לעזען קיין צייטונגען וואָס זיינען פיינדליך צו דער בעוועגונג. — די אַרבייטער איבער'ן לאַנד האָבען געדאַרפט אַריינשיקען ענטפערס צי זיי זיינען געגרייט אויף דאָס אַלץ. דערווייל אָבער האָט דער קאָנוועגט אָנגענומען די „ווייטער־דיגע מיטלען", וואָס אָ'בראַין האָט פאָרגעשלאָגען. זיי ערקלערען אַז „פרידען, געזעץ און אָרדנונג בלייבען דער מאָטיוו פון קאָנוועגט". דאָך אויב די שונאים וועלען געברויכען געוואַלט, וועט געענטפערט ווערען מיט געוואַלט.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און אויך די בירמינגהעמער לופט

איז געוואָרען צו עלעקטריזירט פאַר'ן קאָנוועגט. און נאָך דעם אָפּענעם צוזאַמענשטויס דעם 4טען יולי צווישען די טשאַרטיסטען אין דער רעגיערונגס־מאַכט, האָט דער קאָנוועגט בעשלאָסען זיך צוריקצוציהען אין לאָנדאָן.

אונטערדעסען זיינען 1¼ מיליאָן פּעטיציעס צוזאַמענגעקליבען געוואָרען און פון אָטוואוד אין פּאַרלאַמענט אריינגעבראַכט געוואָרען. דעם 12טען יולי האָט דער פּאַרלאַמענט פערהאַנדעלט די פראַגע: צי זאָל מען די פּעטיציעס איבערגעבען צו אַ קאָמיסיע, אָדער זיי איינפאַך איגנאָרירען? מיט 235 געגען 46 שטימען איז בעשלאָסען געוואָרען זאָגאַר צו קיין קאָמיסיע זיי ניט איבערצוגעבען.

די פּעטיציע איז אַלזאָ דורכגעפאַלען און האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט ניט אויף דער רעגיערונג, ניט אויף דעם פּאַרלאַמענט. נו איז ארויפגעשוואומען אויבען־אויף די פראַגע: וואָס טהוט מען איצט און האָט געפאָדערט פון קאָנוועגט אַן ענטפער אַ שנעלען, אַ פּראַקטישען און ענערגישען. דער קאָנוועגט איז אָבער געוועזען אָבגעשוואַכט, ניט אייניג און האָט אויף קיין ענטשיעדענע טריט זיך ניט געקאָנט בעשליסען. מען האָט פיעל דעבאַטירט וועגען גענעראַל־סטרייק און סוף כל־סוף דאָך אָנגענומען אַ'ברייענס רעזאָלוציע, לויט וועלכען דער קאָנוועגט בעשליסט ניט ארויסצורופען קיין גענעראַל־סטרייק. ביזדעם 14טען סעפּטעמבער האָבען זיך געצויגען די פערהאַנדלונגען און ענדליך האָט דער קאָנוועגט זיך אויפגעלייזט מיט אַ דעקלאַראַציע וועגען „די רעכט פון די בריטישע בירגער“, אַ פּאַפּירענע ערקלערונג אָהן אַ פּראַקטישען אינהאַלט. די פּאַרטיי פון פיזישען געוואַלט האָט בעקומען די אויבערהאַנד ביי די מאַסען און געהיימע קאָנספּיראַציעס וועגען אויפשטאַנדען האָבען זיך פערשפּרייט.

די רעגיערונג האָט זיך ניט בעגנוגט מיט צוריקווייזונג פון דער פּעטיציע; אַ סדרה פון בלוטיגע פערפאָלגונגען, אַרעסטען, און פערבאָטען פון פערזאַמלונגען האָט זיך אָנגעהויבען. און בעזונדערס בלוטיג זיינען די פערפאָלגונגען געוואָרן נאָך דעם דורכפאַל פון דעם אויפשטאַנד אין ניופּאָרט דעם 4טען נאָוועמבער 1834. פון אַפּריל 1893 ביז יוני 1840 זיינען אין ענגלאַנד 380 און אין וועלס

62 טשארטיסטישע פיהרער ארעסטירט, פראצעסירט און צום גרויסען טייל אין די געפענגניסען פארשטעקט געווארען.

דורך דעם דורכפאל פון דער פעטיציע פון איין זייט און פון די אויפשטאנדען פון דער צווייטער זייט, ווי אויך דורך דער גרויסער בלוט־אבצאפונג צווישען די פיהרער, איז די בעוועגונג געקומען צו א קריזיס, און אפאטיע און שטילשטאנד האבען זיך פערשפרייט. דאך, דאס האט אנגעהאלטען ניט לאנג. אין מיטען פון 1840 האט זיך אנגעהויבען א נייע אויפלעבונג, און אלס רעזולטאט פון א קאנפערענץ אין מאנטשעסטער איז געשאפען געווארען א נייע נאציאנאלע טשארטיסטישע ארגאניזאציע „די נאציאנאלע טשאר־טער אסאסיאציע" מיט א קלאהר־אויסגעשפראכענער פריעדליכער טאקטיק.

די טשארטיסטישע בעוועגונג האט בעקומען א נייע אויפלע־בונג. דער קאנטראלירענדער גייסט אין דיזען פעריאד איז געווען בראנעטר א'בראין, ביי וועמען די סאציאליסטישע אידעאלען און צוועקען זיינען געווען קלאהרער אויסגעשפראכען ווי ביי אנדערע פיהרער. א פעטיציע וועגען בעפרייען די טשארטיסטישע פיהרער איז פארנאנדערגעשפרייט געווארען. זי האט באלד בעקומען 1,348,848 אונטערשריפטען. דעם 27טען מאי 1841 איז זי פאר־געבראכט געווארען פאר'ן פארלאמענט און איז צוריקגעוויזען גע־ווארען נאר דורך די איין שטים פון ספיקער ביי 58 געגען 58 שטימען.

די בעוועגונג האט דאן בעקומען א נייע אישו. זי האט זיך אריינגעווארפען אין פאליטישען וואהל־קאמפיין און די פראגען פון טאקטיק זיינען ארויפגעשוואומען. ביי די לאנדאנער ארבייטער איז געווען א שטימונג זיך צו דערנעהנטערן צו דער ראדיקאלער בורזשואזיע. א'קאנאר אבער איז שארף געגען דעם ארויסגעטרע־טען און געפאדערט מען זאל שטימען פאר די טאריס כדי צו ברעכען די לאנג־אנהאלטענדע רעגירונג פון די וויגס. א דריטע ריכ־טונג האט פערטראטען א'בראין, וועלכער האט געפאדערט א שטרענג־אויסגעהאלטענע קלאסען־פאליטיק: די טשארטיסטען זאלען אויפשטעלען אייגענע קאנדידאטען, אגיטירען און שטימען פאר זיי, כאטש די מאסען האבען גאר קיין וואהל־רעכט ניט, נאר לשם

אגיטאַציע. און וואו עס זיינען דאָ טשארטיסטישע וואהל־בערעכ־טיגטע זאָלען זיי אונטערהאַנדלען מיט איינע פון די פארטייען, וואָס וויל מאַכען בעסערע פערשפּרעכונגען.

געזיעגט האָט די טאַקטיק פון אָ׳קאָנאָר. די טשארטיסטען האָבען געשטיצט די טאָרים, און אָט די ערגסטע שונאים פון פאָלקס־פרייהייטען און פאָלקס־רעכט זיינען מיט הילף פון די טשארטיסטי־שע שטימען געקומען צו מאַכט. דער טשארטיזם אָבער איז ארויס א געשלאָגענער מאָראַליש און מאַטעריעל, און עס האָבען באַלד זיך אָנגעהויבען פּערדעכטיגונגען, רייסערייען און געגענזייטיגע בע־שולדיגונגען. אָ׳בראַין און לאָוועט זיינען אָן א זייט פערשטופּט געוואָרען און אָ׳קאָנאָר איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר פון דער בע־וועגונג אין די נעכסטע איניגע יאָהרען ביז צו איהר ענד.

דער פּראַקטישער צוועק פון דער בעוועגונג איז געוואָרען א צווייטע פּעטיציע פאַר דעם פאָלקס־טשארטער. זי האָט באַלד בע־קומען 3,315,752 אונטערשריפטען. כדי איהר איבערצוגעבען דעם פּאַרלאַמענט איז א צווייטער קאָנווענט צוזאַמענגערופען געוואָ־רען. ער איז אָבגעהאַלטען געוואָרען צווישען 12־טען אַפּריל און 12טען מאי 1842.

דעם 2טען מאי איז די פּעטיציע אריינגעבראַכט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט. די פאָדערונגען זיינען געווען צוויי: 1) מען זאָל אָננעהמען די פּעטיציע, 2) מען זאָל אויסהערען די פערטרעטער פון דער בעוועגונג. מיט 287 געגען 49 שטימען זיינען די פאָדערונגען צוריקגעוויזען געוואָרען. די בעוועגונג האָט דערמיט בע־קומען א צווייטע גרויסע נידערלאַגע. דאָך, דוקא באַלד נאָך דיזער צווייטער נידערלאַגע איז געקומען, אין אויגוסט 1842, דער העכ־סטער פּונקט פון דער טשארטיסטען בעוועגונג.

אין לאַנד האָט דעמאָלט געהערשט א טרויעריגע צייט. א שווידערליכער קריזיס האָט געבושעוועט. דער ארבייטס־לוין איז געזונקען, עלענד און נויט זיינען געווען אונערטרעגליך, די ארביי־טער זיינען געווען פערצווייפעלט, און זיי האָבען זיך דערפאַר אָנ־געכאַפּט אָן דער אידעע, דורך א גענעראַל־סטרייק צו צווינגען א ראַ־דיקאַלע פערבעסערונג אין זייער לאַגע. אויף אזא אופן איז די

אידעע פון אַ „הייליגען חודש“ געקומען צו פערווירקליכונג גאָר פון דער זייט, מצד פון די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס.

דעם 9טען אוגוסט האָט דער סטרייק זיך אָנגעהויבען אין עשטאַן. גרויסע גרופען אַרבייטער האָבען גענומען אַרומציהען פון שטאָדט צו שטאָדט, פון אָרט צו אָרט, פאָדערענדיג איבעראַל די ערקלערונג פון סטרייק. מאַנטשעסטער איז באַלד צוגעשטאַנען. אויך אַנדערע געגענדען זיינען צוגעשטאַנען. די טשאַרטיסטען פיהרער האָבען דיזען גענעראַל־סטרייק פאַר זייער בעוועגונג אויסגענוצט. זיי זיינען אָבער געבליבען זייטיגע. אַלס טשאַרטיסטישער קאַמפפס־מיטעל איז דער סטרייק אָפיציעל ניט ערקלערט געוואָרען און פאַר זיין ערפאָלג איז פון טשאַרטיסטישער זייט ווייניג געטהאָן געוואָרען. און ווען די אין מאַנטשעסטער פערזאַמעלטע פיהרער האָבען די פראַגע פערהאַנדעלט אויף אַ קאָנפערענץ איז מען צו קיין איינינונג ניט געקומען, און מעהר ווי אַ סימפאַטי־רעזאָלוציע פאַר דעם סטרייק ניט געקאָנט אויפטהאָן...

צו־ענד פון אויגוסט האָט דער סטרייק גענומען איינלעשען. פאַר דער טשאַרטיסטישער בעוועגונג האָט ער קיין אַנדער זאַך ניט געבראַכט ווי אַ נייע סדרה פון פערפאָלגונגען. אַ ריעזען־פראָצעס איז געמאַכט געוואָרען געגען 1500 פערזאָן, פון וועלכע 657 זיינען פאַר דעם געריכט פון געשוואָרענע געבראַכט געוואָרען. אַן אַלגעמיינע דעמאָראַליזאַציע און צופאַל פון דער בעוועגונג האָבען ניט געלאָזען לאַנג אויף זיך וואַרטען. פיעל זיינען אַרויסגעריסען געוואָרען פון דער בעוועגונג; אַנדערע זיינען אַליין אַוועק. אָ’קאָנאָר האָט אויף זיינע פלייצעס געזוכט ווייטער צו טראָגען און צו רעאָרגאַניזירען. ער אַליין האָט זיך אָבער פערפלאָנטערט אין פלענער וועגען קאָאָפעראַטיוו־קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, און אַ לאַנדבאַנק. 57,000 אַרבייטער און טשאַרטיסטען האָבען זייערע אָרימע סענטען אין דער באַנק אַריינגעלייגט, און ביז פעברואַר 1848 זיינען 96,000 פונט (800,000 דאָל.) איינגעצאָהלט געוואָרען אין באַנק, כאָטש אינגאַנצען האָבען פון די 75,000 אַנטיילנעהמער קוים 230 זיך בעזעצט אויף ערד. אַ באַנקראָט אַ פינאַנציעלער און מאָראַלישער האָט געמוזט זיין דער רעזולטאַט פון דער אוטאָפיע.

דער טשאַרטיזם, פאַרמישט מיט אָ’קאָנאָר’ס לאַנד־אוטאָפיע,

האָט געשלעפּט אַ טרויעריגע עקזיסטענץ ביז דעם יאָהר 1848. צו יענער צייט האָט זיך גענומען פיהלען אַ נייע אויפלעבונג. אַ נייער קאָנוועגט איז צוזאַמענגערופען געוואָרען, אַ נייע — דריטע — פּעטיציע וואָס האָט געזאָלט ענטהאַלטען 5,700,000 אונטערשריפ־טען האָט געזאָלט געבראַכט ווערען דעם 10טען אַפּריל 1848 אין פּאַרלאַמענט, געטראָגען פון אַ ריעזען־צוג פון 150,000 מענער. אָט די לעצטע אויפלעבונג איז אָבער געווען דער לעצטער לעבענס־הויך פון דער בעוועגונג. קודם כל האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז באמת זיינען נאָר 1,975,469 עכטע אונטערשריפטען, די איבעריגע — געפאַלשעוועטע, און די 100,000 קעפּיגע מאַסע וואָס האָט געזאָלט די פּעטיציע בעגלייטען האָט אַ'קאָנאָר אַליין אַהיים געשיקט מיט תחנונים און אָבגעפיהרט די פּעטיציע אויף דראָזשקעס.

אָט דער 10טער אַפּריל איז געווען דער טויט־קלאַפּ פאַר זיין פיהרערשאַפט, און ווען דער נעקסטער זומער האָט דערצו נאָך גע־בראַכט דעם באַנקראָט פון זיינע לאַנד־אונטערנעהמונגען איז זיין האַרץ צובראָכען געוואָרען און זיין גייסט האָט זיך פערפינסטערט. אין משוגעים־הויז האָט ער זיין לעבען געענדיגט.

דער טשאַרטיזם האָט נאָך אייניגע יאָהרען געצויגען אַ שאָטען־לעבען. ער איז אָבער אַלץ מעהר געזונקען אין איינפלוס און בע־בעדייטונג. די טאַקטיק פון בונטען האָט געבראַכט אַ גאַרילאַ קריעג צווישען די פיהרער און דער רעגיערונג, און די פיעלע אַרעס־טען און פּראָצעסען האָבען די לעצטע כחות פערשלונגען.

אין יאָהר 1854 איז דער טשאַרטיזם אין גאַנצען אַרונטער פון דער ביהנע, און צוזאַמען מיט איהם האָט דער ענגלישער פּראָ־לעטאַריאַט פאַר יאָהרצעהנדליגע אויפגעגעבען אַלע פּאָזיציעס פון אַ זעלבסשטענדיגער, קאַמפּף־פיהרענדער פּאַרטיי און איז געוואָרען אַ נאָכשלעפּער נאָך דער ליבעראַלער פּאַרטיי. און יאָהרצעהנדליגע זיינען אַוועק. די סאָציאַליסטישע בעוועגונג איז אויפגעשטאַנען און געוואַקסען אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ. נאָר די קאַפּיטאַ־ליסטיש פּאָרטגעשריטענסטע ענגלאַנד איז ניט געווען בכח צו שאַ־פען קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, און דער גרויסער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געהאַט קיין מוטה און זעלבסט־בעוואוסט־זיין זיך צו שטעלען פּאָליטיש אויף אייגענע פיס. אָט אַזוי האָט

דער קורצער גלאַנצפּעריאָד זיך געענדיגט מיט א לאַנגען פּעריאָד פון א שווערער כראָנישער קראַנקהייט. ערשט דאָס ענד פון 19־טען יאהרהונדערט האָט די היילונג און א נייע אויפלעבונג געבראכט.



## 9טע לעקציע.

# דער דייטשער עמיגראַנטען־סאָציאַליזם

פיעל שפּעטער ווי ענגלאַנד און פראַנקרייך איז דייטשלאַנד אַרויף אויפ'ן וועג פון קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. נאָך אין 2טען פערטעל פון 19טען יאהרהונדערט איז דייטשלאַנד פּאָליטיש־יורידיש און סאָציאַל־עקאָנאָמיש געווען אָלטמאָדיש, האַלב־פעאָדאַל געבויט. צעריסען אין עטליכע און דרייסיג קלענערע און גאָר קליינע מלוכות, האָט דאָס דייטשע פאָלק געהאַט צו טראָגען אויף זיך דעם שווערען יאָך פון עטליכע און דרייסיג דעספּאָטען, „פון וועלכע די קלענסטע זיינען געווען פונקט אַזוינע זעלבסטהערשער ווי די גרעסטע", און אָט אין די פיעלע קליינע דעספּאָטיען האָט גע־הערשט אַ פינסטערע רעאַקציע און דאָס פּאָליטישע לעבען איז גע־ווען דערשטיקט. דער איינצעלנער עלעמענט פון דער בעפעלקערונג וואָס האָט געהאַט דעם מוטה דעם קאָפּ אויפצוהייבען, די אַקאַדע־מישע יוגענד, איז נאָך דעם יאָהר 1819, נאָך דער ערמאָרדונג פון שפּיאָן קאָצעבו דורך'ן סטודענט זאַנד, אין ארעסטאַנטישע קייטען איינגעשמידעט געוואָרען.

אויך די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג איז דורך די פּאָליטישע רע־אַקציע געשטערט און צוריקגעהאַלטען געוואָרען. מיט דער אויס־נאַהם פון די פּראָווינצען אויפ'ן לינקען ברעג פון רהיין איז דער פעאָדאַלער עקאָנאָמישער בנין נאָך ניט געווען אין גאַנצען צו־שטערט. אָבגעשטאַנענער פאַר אַלעמען איז געווען די גרעסטע פון אָט די מלוכות, פּרייסען. מעהר ווי דריי־פערטעל פון דער בעפעלקערונג פון פּרייסען און מעהר ווי צוויי־דריטעל פון דער בעפעלקערונג פון גאַנץ דייטשלאַנד האָבען נאָך געלעבט צו־לאַנד. אין די שטעדט האָט די גרענדע געפיהרט דאָס האַנדווערק, וואָס איז נאָך געווען אָרגאַניזירט אין צעכען און וואָס איז אין 1830 געשטאַנען נאָך אויף דערזעלבער מדרגה פון ענטוויקלונג ווי אין יאָהר 1800. דאָס זיינען געווען קליינינקע, אָבגעשטאַנענע אונטער־נעהמונגען, וואו די צאָהל געזעלען איז געווען ניט גרעסער ווי די צאָהל פון בעלי־בתים. די התחלות פון קאַפּיטאַליזם האָבען זיך

קאָנצענטרירט אין דער הויז־אינדוסטריע. אין מזרח־דייטשלאַנד זיינען עס געווען די פּראָווינצען שלעזיען און דאָס קעניגרייך זאַקסען וואָס זיינען אריינגעצויגען געוואָרען אין קאַפּיטאַליסטישען ראָד דורך דער וועבער־אינדוסטריע, העכער, סאַי אין עקאָנאָמישער ענטוויקלונג און סאַי אין די פאָרמען פון דער אינדוסטריע זיינען געשטאַנען נאָר די רהיין־פּראָווינצען.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון 1830 האָט דעם רעאַקציאָנערען דייטשען זומפּ אביסעל אויפגעטרייסעלט. אין די קלענערע פון די עטליכע און דרייסיג דעספּאָטיען זיינען פאָרגעקומען אַר־בייטער אונרוהען, מאַשינען זיינען צושטערט געוואָרען. אין די דרום־דייטשע מלוכות, אין באַדען, העסען און אין דער פּאַלץ, האָ־בער זאָגאַר טיעפער און ברייטערע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען אויסגעבראָכען. זיי האָבען געטראָגען אַ קליין־בירגערליכען כאַ־ראַקטער. אין פּאַלץ איז דער שריפטשטעלער ווירטה געווען דער פיהרער. דאָס מאָטאָ איז געווען: די אָרגאַניזאַציע פון אַ דייטשער אימפּעריע אין דעמאָקראַטישען זינען. דאָך די בעוועגונגען האָבען געהאַט גאַנץ קורצע טעג. צום לעצטען איז זי אויפגעפלאַקערט געוואָרען אין העסען, וואו דער 20־יעהריגער סטודענט געאָרג ביכנער איז געווען דער פיהרער און האָט אָרגאַניזירט געהיימע רעוואָלוצ־יאָנס־געזעלשאַפטען פון די בויערען. דאָך באַלד זיינען אויך די לעצטע האַלעוועשקעס פון די רעוואָלוציאָנערע אויסברוכען אויס־געלאָשען געוואָרען און וויעדער איז אין דייטשלאַנד געוואָרען שטיל און טוידט ווי אויף אַ בית־עלמין.

אַ נייע אויפלעבונג האָט זיך גענומען הערען פון דער ליטע־ראַטור. „יונג־דייטשלאַנד“, מיט היינע, בערנע, פּלאַטען בראָש, האָבען גענומען וועקען דאָס דייטשע פאָלק פון זיין גייסטיגער און פּאָליטישער פערגליווערונג. דאָך זיי האָבען זייער וועקונגס־אַר־בייט געמוזט טהאָן פון אויסלאַנד. פון דאָרט איז דאָס פרייע וואָרט אַלס קאָנטראַבאַנד אריינגעשמוגעלט געוואָרען איבער'ן דייטשען גרענעץ און פון דאָרט זיינען אויך אויפגעקומען אין דייטשלאַנד די התחלות פון אַ פּראָלעטאַרישער בעוועגונג. די פינסטערע רעאַקציע האָט ניט נאָר די גרעסטע שריפטשטעלער און דענקער, ווי היינע, בערנע און מאַרקס אין אויסלאַנד געטריבען.

אויף האַנדווערקער און געזעלען האָבען מאַסענווייז געשטרעמט אין אויסלאַנד, צום טייל צוליעב דער פּאָליטישער רעאַקציע און צום טייל דורך דער עקאָנאָמישער נויט. טויזענדער פון זיי האָבען זיך געפונען אין פּאַריז און אין דער שווייץ, און דאָרט שפּיעלען זיך אָפּ די ערשטע קאַפּיטלאַך פון דער געשיכטע פון דייטשען סאָציאַ־ליזם, וועלכער איז געווען אין יענער עפּאָכע הויפּטזעכליך אַן עמיג־ראַנטען־סאָציאַליזם. און איז געקומען פון דעם בונד צווישען די צוויי עמיגראַנטען־עלעמענטען: דער אינטעליגענץ און האַנדווערק.

די ערשטע פעדים פון דעם דייטשען עמיגראַנטען־סאָציאַליזם ציהען זיך פון פּאַריז — דעם צענטער פון רעוואָלוציע און אויפ־קלערונג —. דאָרט איז אין אָנפאַנג פון די 30־ער יאָהרען געגרינ־דעט געוואָרען אַן אָפענער ליבעראַלער „דייטשער פאָלקס־פעראיין“, אַן וועלכען עס האָבען זיך אָנגעשלאָסען פיעל ארבייטער. נאָכדעם ווי דער פעראיין איז פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג אויפגעלייזט געוואָרען, האָבען די מיטגלידער געגרינדעט אין יאָהר 1834 אַ גע־היימע אָרגאַניזאַציע, „דעם בונד פון פאַריאָגטע“ („בונד דער געעכ־טעטען“). זיין צוועק איז געווען, לויט זיינע סטאַטוטען די בע־פרייאונג און ווידערגעבורט פון דייטשלאַנד; בעגרינדונג און אָנ־האַלטונג פון סאָציאַלער און פּאָליטישער גלייכהייט, פרייהייט און בירגערליכע גוטע זיטען. דאָס איז געווען אַ צענטראַליסטיש אויפגע־בויטע געהיימע בונטען־געזעלשאַפט, נאָכגעשניטען נאָך דער פראַנ־צויזישער „געזעלשאַפט פאַר מענשענרעכט“. אָנגעפיהרט איז זי געוואָרען פון צוויי פּראָפעסאָרען, ווילהעלם שוסטער און יאַקאָב וועגדיי. אַ שטרענגע דיסציפּלין איז געווען איינער פון די הויפּט־געבאָטען. די מיטגלידערשאַפט איז בעשטאַנען פון עטליכע הונ־דערט אין פּאַריז וואָהנענדע און וואַנדערנדע האַנדווערקער געזעלען. אַט די וואַנדערנדע מיטגלידער האָבען געשלאָסען פערבינדונגען און אָנגעהאַלטען די בעציהונגען פון „בונד“ מיט אַ רייהע גרויסע שטעדט אין דייטשלאַנד. זייער אָרגאַן, „די געעכטעטע“, ארויס־געגעבען פון וועגדיי, האָט געפּרעדיגט אַ נעפּעלדיגען רעליגיעזען געפיהל־סאָציאַליזם.

קוים צוויי יאָהר האָט עקזיסטירט דער „בונד פון די פערפאָלג־טע“; זיין צופאַלען האָט זיך אָנגעהויבען בעת שוסטער מיט די פראָ־

לעטארישע עלעמענטען האָבען אין יאָהר 1836 זיך אָבגעשפּאָלטען צוליעב פּרינציפּעלע מיינונגס פערשידענהייטען אויך אלס פּראָטעסט געגען דער שטרענגער דיסציפּלין און האָבען געגרינדעט דעם „בונד פון גערעכטע" מיט דעמאָקראַטישע סטאַטוטען. דאָך אויך די נייע אָרגאַניזאַציע האָט געמוזט צוליעב פערפאָלגונגען זיך פערוואַנדלען אין א געהיימע געזעלשאַפט און זי האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן אַן אַנדער פראַנצויזישער קאָנספּיראַטיווער אָרגאַניזאַציע, „די געזעל־שאַפט פון סעזאָנען". זי איז אין יאָהר 1839 אריינגעצויגען גע־וואָרען אין א פּראָצעס געגען יענער געזעלשאַפט און איז דערפאַר געוועזען געצוואונגען זיך אַריבערצוטראָגען אין לאָנדאָן.

אויך אין דער שווייץ איז אין יאָהר 1834 ענטשטאַנען די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון דייטשע עמיגראַנטען „דאָס יונגע דייטשלאַנד" — זי איז געווען צוגעשניטען נאָך דעם מוסטער פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דער איטאַליענער רעוואָ־לוציאָנער מאַזיני האָט געגרינדעט פאַר ריין־רעוואָלוציאָנערע, ניט־סאָציאַליסטישע צוועקען. די יונג־דייטשלאַנד האָט געגרינדעט אויך אָפענע „לעגאַלע" אַרבייטער בילדונגס און אונטערהאַלטונגס פעראיינען. דאָך צו ענדע פון די 30־ער יאָהרען איז דער גלאַנץ־פעריאָד פון יונג־דייטשלאַנד שוין געווען פאַריבער און די לעגאַלע פעראיינען זיינען געווען פערמאַכט.

די אויפלעבונג און די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דייטשען עמיגראַנטען סאָציאַליזם, סיי אין דער טעאָריע, סיי אין דער פּראַקּ־טיק, איז פערבונדען מיט דעם נאָמען ווילהעלם ווייטלינג (געב. 5טען אָקטאָבער 1808; געשטאָרבען 15טען יאַנואַר 1871). וויט־לינג שטעלט מיט זיך פאַר „די פערקערפּערונג פון דעם סאָציאַ־ליזם פון די האַנדווערקעריונגען". אליין א קינד פון דעם קלאַס, א שניידער־געזעל, וואָס האָט זיין ערציהונג דורך זעלבסטבילדונג אין דער פרעמד זיך ערוואָרבען, איז ער אין יאָהר 1838 אַרויס־געטראָטען אין פּאַריז מיט זיין ווערק „די מענשהייט ווי זי איז און ווי זי זאָל זיין", און שפּעטער מיט דעם הויפּט־ווערק, וואָס ענטהאַלט זיין קאָמוניסטישע סיסטעם „גאַראַנטיען דער האַרמאָני און פרייהייט". נאָך דעם בעפאַל אויפ'ן „בונד פון די גערעכטעטע" איז ער אין יאָהר 1840 אַריבערגעצויגען אין דער שווייץ און גלייך

דאָרט געגומען זוכען צו שאפען א בעוועגונג צווישען די עמיגראַנ־טישע דייטשע האַנדווערקער. לייכט איז איהם ניט אָנגעקומען, דאָך ביסלעכווייז איז איהם געלונגען צו גרינדען אין פערשיעדענע שטעדט פון דער שווייץ א „בונד פון געעכטעטע". זיי האָבען איינע די אַנדערע גערופען ברידער; זיך מתחייב געווען צו זיין עהרליך, ריין, בעשיידען, איינגעהאַלטען אין גענוס, צו שטודירען, צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדא א. אז. וו. די געהיימע אָרגאַניזאַציעס האָבען גע־גרינדעט עפענטליכע בילדונגס און אַנדערע ארבייטער פעראיינען און דאָרט געווערבט נייע מיטגליעדער פאַר זיך.

וויטלינגס אָרגאַניזאַטאָרישע טעטיגקייט האָט געהאַט א בע־דייטענדען ערפאָלג, הויפּטזעכליך צווישען די עמיגראַנטישע האַנדווערקער. אויך זיין טעאָריע איז געווען צוגעשניטען נאָך דעמזעלבען קלאַס. אַלס קינד פון פּראָלעטאַריאַט האָט וויטלינג ניט געקאָנט מיטמאַכען דעם קינדערשען שפּיעל פון בויען די האָפ־נונגען פאַר בעפרייאונג פון די אונטערדריקטע אויף די רייכע און זאַטע אונטערדריקער, ווי עס האָבען געטהאָן זיינע לעהרער, די פראַנצויזישע אוטאָפּיסטען. פאַר איהם איז געווען קלאָר, אז די בעפרייאונג מוז קומען פון פּראָלעטאַריאַט אליין. ער אַנערקענט דעם פּאָליטישען ווי עקאָנאָמישען קאַמפּף. אָבער די ראָלע פון מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט איז איהם נאָך פרעמד. זיינע רעוואָ־לוציאָנערע האָפנונגען בויט ער ניט אויף דער פערשטאַרקונג פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויף זיין וואַקסענדער פעראָרימקייט. אין דער פערצווייפלונג זעהט ער דעם טרייבענדען רעוואָלוציאָנערען כח. און דערפאַר האָט ער ערוואַרט גוטעס זאָגאַר פון לומפּען־פּראָלעטאַריאַט און פון גנבים. זיין סיסטעם אַליין איז אויפגע־געבויט פון די אוטאָפּיסטישע גרונדשטיינער: זיין קריטיק פון דער איצטיגער געזעלשאַפט ווערט געפיהרט פון מאָראַלישען שטאַנד־פונקט, ווי ביי יענע; די געזעלשאַפטליכע אונאָרדנונגען קומען פון דער שטערונג פון גלייכגעוויכט צווישען פערלאַנגען און פעהיגקיי־טען. ער וואַרפט אויף א פּלאַן פון א נייער געזעלשאַפט, בראש פון וועלכער עס זאָל שטעהן א „טריאָ", א ראַט פון 3 מענער, וואָס זאָלען זיין פילאָזאָפען, דאָקטוירים און מעכאַניקער.

די שווייצער יאָהרען זיינען געווען דער גלאַנץ־פּעריאָד אין

וויטלינגס לעבען. זיינע אָרגאַניזאַציעס האָבען זיך צושפּרייט, זיין פּאָפּולאַריטעט איז געוואַקסען ווייט איבער די גרענעצען פון דער שווייץ. זיינע שריפטען זיינען געוואָרען שטאַרק פערברייט. דאָס אַלץ האָט וויטלינגען אביסעל דעם קאָפּ פערדרייט. עס האָט אויף זיך גענומען קוקען ווי אויף אַ מין „צווייטען משיח", אַ נייעם יעזוס קריסטוס. און אין אַט דער שטימונג האָט ער אָנגעשריבען „דעם ספר הברית פון אָרימע בעלי־חטאים" („דאָס עוואַנגעליום דער אָרמען זינדער"). מיט הונדערט ציטאַטען בעווייזט ער אַז זיינע לעהרען שטימען מיט קריסטוס' תורה. ער זוכט צו בעווייזען אַז די רעליגיע מוז בענוצט ווערען כדי די מענשען צו בע־פרייען. ער נעהמט אין שוץ דעם „ערשטען משיח", יעזוס'ן, און פּרעטענדירט צו זיין דער צווייטער משיח, וואָס קומט איבערצו־בויען די געזעלשאַפט אויף די יסודות פון דער קאָמוניסטישער תורה.

דער ערשטער פּראָספּעקט וועגען דער שריפט האָט אַרויסגע־רופען די בייזקייט פון די גלחים, דאָנאָסען זיינען דערלאַנגט גע־וואָרען, אַז ער לעסטערט דאָרט גאָט, בעפאַלט אייגענטום א. ז. וו. וויטלינג איז אַרעסטירט, פּראָצעסיט און פער'משפּט געוואָרען צו 10 חדשים טורמע. נאָך דער בעפרייאונג האָט מען איהם אַרויסגעשיקט אין פּרייסען. דאָרט האָט מען איהם געהאַט אָבגע־געבען פאַר אַ סאָלדאַט, נאָר מען האָט איהם געמוזט אַרויסלאָזען צוליעב דעם, וואָס ער האָט קערפּערליך ניט געטויגט דערצו. דער סוף איז געווען אַז ער איז אָבגעפאָהרען אין לאָנדאָן, פון דאָר־טען שפּעטער אין אַמעריקאַ. די קאָמוניסטישע בעוועגונג פון דער שווייץ האָט צוזאַמען מיט וויטלינגען דעם קריזיס דורכגע־מאַכט, זי האָט געהאַט אַריבערצוטראָגען שווערע פערפאָלגונגען; האָט די ערשטע צייט נאָך געבליהט, אָבער באַלד גענומען פער־פלאַכען און געהן צוריק.

אין דייטשלאַנד גופא האָט דער „בונד פון גערעכטע" ניט געקענט אָנפיהרען קיין ברייטע פּראָפּאַגאַנדאַ. דאָך די עקאָנאָמי־שע ענטוויקלונג האָט דאָרט דאָס איהריגע געטאָן און לאַנגזאַם פּאָרבערייט אַ באָדען פאַר אַ סאָציאַליסטישע אַרבייטער בעווע־גונגס־אינדוסטריע און גרויס האַנדעל האָבען גענומען זיך פער־

שפּרייטען; גרויס־שטעדט האָבען זיך גענומען בעווייזען. צוזאַ־מען דערמיט האָבען אַלץ שווערער זיך אָנגערוקט די שאָטענזייטען פון אויפקומענדען קאַפּיטאַליזם, די הויז־אינדוסטריעלע האָבען אַם שווערסטען עם געפיהלט און די שלעזישע וועבער זיינען געזונ־קען אין די טיעפסטע טיעפענישען פון עקספּלואַטאַציע, עלענד און הונגער. באַלד האָט גאַנץ דייטשלאַנד געהערט וועגען די שרע־קענס פון זייער נויט. אין זייער פערצווייפלונג, אָהן אָרגאַניזאַ־ציעס, אָהן קאַמפּפס־מיטלען, אָהן רעכטע, האָבען זיי מאַסענווייז גענומען אויסוואַנדערען און די פערבליבענע האָבען זיך געכאַפּט צו הונגער־בונטען. דער גרעסטער פון די הונגער־בונטען איז פאָר־געקומען אָנפאַנג יוני אין די וועבער־דערפער פעטערסוואַלדאו און לאַנגענבילאו. דיזע בונטען, צוזאַמען מיט דער צושטערונג פון פאַבריקאַנט צוואַנציגער'ס הויז, זיינען אַזוי פּרעכטיג געשילדערט אין הויפּטמאַנ'ס דראַמאַ „די וועבער".

די הונגער־אויפשטאַנדען זיינען באַלד אין בלוט דערטרונקען געוואָרען און אַ העץ־יאַגד נאָך די אומגליקליכע האָט זיך אָנגע־הויבען. זיי האָבען אויך גאָר קיין שייכות צום קאָמוניזם ניט געהאַט. אָבער דער אָבקלאַנג פון זייער אויפשטאַנד האָט זיך געהערט ווייט און ברייט איבער דייטשלאַנד.

דאָך אויב דייטשלאַנד האָט צו יענער צייט, פאַר דער רעוואָ־לוציע פון 1848, נאָך ניט געהאַט קיין סמנים זאָגאַר פון אַ סאָצי־אַליסטישער ארבייטער בעוועגונג, האָט זי שוין געהאַט אַ גאַנצע רייהע פון סאָציאַליזמען. מיר געפינען אין „קאָמוניסטישען מאַני־פעסט" אַ קריטיק — און זעהר אַ בייזע, אַ פערניכטענדע — געגען די זאָרטען סאָציאַליזמען וואָס זיינען געשאַפען „פון דייטשע פי־לאָזאָפען, האַלב פילאָזאָפען און שייננגייסטער" און וועמעס שאַ־פונגען עם געהערען „מיט ווענינ אויסנאַהמען צו דער שמוץ־ליטע־ראַטור". עס האָט דאַן דאָ עקזיסטירט „אַ קריסטליך פעאָדאַלער סאָ־ציאַליזם", אַ „בורזשואַזער סאָציאַליזם", אַ „פילאָזאָפיש־מפונק'־שער סאָציאַליזם", אַ „שטאַאַטס סאָציאַליזם". אַ גאַנצע רייהע פון סאָציאַליסטישע ליריקער: בעק, לענאו, הערוועג, היינע, פריי־ליגראַט זיינען אויפגעקומען.

אין יענער צייט און אין יענער אַטמאָספערע איז אויך דער

וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם פון מאַרקס און ענגעלס געבאָרען וואָרען. ניט אין דייטשלאַנד, נאָר אין דער פרעמד, געיאָגט פון לאַנד צו לאַנד אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט, האָט מאַרקס געשאַ־פען די נייע תורה. צו דערזעלבער צייט האָט ער, ווי אויך ענגעלס, ניט אָבגעלאָזען די הענד אויך פון פּראַקטישער פּראָפּאַ־גאַנדאַ צווישען די דייטשע עמיגראַנטען. מאַרקס אין ברוסעל און ענגעלס אין פּאַריז זיינען געווען טעטיג אי אַלס לעהרער אי אַלס אָרגאַניזאַטאָרען. אין ברוסעל האָבען זיי, צוזאַמען מיט וואָלף'ן, געגרינדעט דעם אַרבייטער בילדונגס פעראיין, וואו מאַרקס האָט געהאַלטען זיינע לעקציעס, פון וועלכע איינע „לוין אַרבייט און קאַפּיטאַל" איז צו אונז דערגאַנגען און איז נאָך עד היום אַ מוס־טער פון פּאָפּולאַריזאַציע. אויך זיין רעדע איבער'ן פרייהאַנדעל, אין אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע, דער „אינטערנאַציאָנאַלער דעמאָקראַ־טישער געזעלשאַפט", איז צו אונז דערגאַנגען. ענגעלס איז געווען טהעטיג אין פּאַריז אין „בונד פון גערעכטע", פון וועלכען 2 אָרגאַ־ניזאַציעס זיינען בעשטאַנען דאָס רוב פון שניידער, אַ דריטע פון סטאָלערס.

אָט אין די בעשיידענע עמיגראַנטען פעראיינען האָט זיך אָבגעשפּיעלט דער ערשטער גרויסער גייסטיגער קאַמפּף צווישען דעם אַלטען אוטאָפּיסטישען און נייעם וויסענשטאַפטליכען סאָצי־אַליזם. דאָרט זיינען די ערשטע בעשיידענע עראָבערונגען פון נייעם סאָציאַליזם געמאַכט געוואָרען. ענגעלס שילדערט אין אַ רייהע פון בריעף צו מאַרקס'ען, ווי שווער, ווי איבערדריסיג עס איז איהם דער קאַמפּף אין די קאַרליק אָרגאַניזאַציעס. דאָך, די ערשטע ערפאָלגען זיינען געווען דער יסוד פאַר די ווייטערדיגע גרויסע עראָבערונגסצוגען פון דער נייער תורה איבער דער גאַנצער וועלט. דער „בונד פון די גערעכטע" האָט זיך — ווי שוין בעמערקט — אַריבערגעטראָגען אין לאָנדאָן און איז בילעכווייז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אינטערנאַציאָנאַלען בונד. ער האָט דאָרט גע־גרינדעט אויך אַן אָפענעם אַרבייטער פעראיין, וואָס האָט זיך גענומען רופען „קאָמוניסטישער פעראיין" מיט'ן מאָטאָ: „אַלע מענ־שען זיינען ברידער", וואָס איז געווען געדרוקט אויף די מיטגלי־דער־קאַרטען אויף 20 שפּראַכען. דער פעראיין האָט אונטער דעם

איינפלוס פון מאַרקס־לאַסאַל און דער וואקסענדער צאָהל פון זייערע אָנהענגער גענומען גייסטיג זיך ענטוויקלען און האָט בעשלאָסען צוזאַמענצורופען אין לאָנדאָן אַ קאָנגרעס און אין אַן עפענטליכען מאַניפעסט אַרויסצוטרעטען פאַר דער וועלט מיט זיינע לעהרען.

דער ערשטער קאָנגרעס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין זומער 1847. מאַרקס איז ניט געקומען, ענגעלס אָבער יאָ. אויף דעם קאָנגרעס איז געשאַפען געוואָרען אַ גאַנץ נייער סטאַטוט. דער קאָנספּיראַטיווער כאַראַקטער איז אָבגעשאַפט געוואָרען. דער ערשטער אַרטיקעל פון די נייע סטאַטוטען ערקלערט פאַר דעם צוועק פון דער אָרגאַניזאַציע: אַרונטערוואַרפען די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און איינפיהרען די הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט, פערניכטען די אַלטע געזעלשאַפט־אָרדנונג וואָס איז געבויט אויף פּריוואַט אייגענטום און קלאַסען־געגענזאַצען און איינפיהרען אַ נייע געזעלשאַפט־אָרדנונג אָהן קלאַסען און אָהן פּריוואַט אייגענטום. דער בונד האָט זיך אָרגאַניזירט אַלס „בונד פון קאָמוניסטען", איינגעטיילט אין געמיינדען צו 3 ביז 20 מיטגלידער אין יעדער; 10־12 געמיינדען בילדען אַ קרייז, די קרייזען פון אַ שטאָדט אָדער אַ לאַנד בילדען אַ לייטענדען קרייז; די צענטראַלע פיהרערשאַפט פון 5 פּערזאָן איז אונטערוואָרפען דער העכסטער אינסטאַנץ, דעם קאָנגרעס וואָס ווערט אָבגעהאַלטען יעדען יאָהר; פערזאַמלונגען זאָלען אָבגעהאַלטען ווערען יעדע 14 טעג ווייניגסטענס.

אַ צווייטער קאָנגרעס האָט געזאָלט בעשטעטיגען די נייע סטאַטוטען און בעשטימען די יסודות פון דער לעהרע. אָט דער 2טער קאָנגרעס האָט שטאַטגעפונען אין נאָוועמבער־דעצעמבער. ענגעלס איז געוועזן דער סעקרעטער. 10 טעג האָט מען דעבאַטירט די פּרינציפּען און נאָכהער איינשטימיג בעאויפטראַגט מאַרקס'ן און ענגעלס'ן אויסצואַרבייטען די נייע פּרינציפּען אין אַן עפענטליכען מאַניפעסט. אַ נייער לאָזונג איז אָנגענומען געוואָרען: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פעראייניגט זיך"!

אין פעברואַר 1848 איז דער מאַניפעסט פערעפענטליכט געוואָרען און איז באַלד איבערגעזעצט געוואָרען אין ענגליש,

פראַנצויזיש, דעניש, פויליש. „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" איז ערשיענען און מיט איהם האָט אַ נייע תקופה זיך אָנגעהויבען אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם. זיין פאָרגעשיכטע האָט זיך געענדיגט. דאָס זוכען און טאַפּען אין דער פינסטערניש האָט אויפגעהערט. דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט האָט גענומען געהן צו זיין בעפרייאונג אויף נייע וועגען מיט אַ נייעם גייסט און קלאָרען בעוואוסטזיין.



10טע לעקציע.

# ארבייטער־בעוועגונג און קאמוניזם אין אמעריקא

די שעהנע אידיליע וואָס ווערט אזוי פלייסיג געמאָלען פון די בורזשואזע געשיכטסשרייבער פון אמעריקא מכח די התחלות פון דער רעפובליק, איז שטארק צושטערט געוואָרען פון די נייעסטע פאָרשונגען. עס איז בעוויזען געוואָרען, אז די קלאסען־אינטע־רעסען האָבען ניט קיין קליינע ראָלע געשפיעלט ביי די „פאָטערס פון דער רעפובליק". עס איז בעוויזען געוואָרען ,אז די ארבייטער־קלאסען זיינען ניט ווייניג אָבגענארט און בעראבעוועט געוואָרען פון זייערע רעכט ביי דער פאָרמירונג פון דער רעפובליק, און אז שווערע עקספלואטאציע, נויט און עלענד זיינען געווען ניט פרעמד צו די ארבייטענדע מאסען אויך אין דער יונגער רעפוב־ליק. און טאקי דערפאר זעהען מיר אין איהר גאנץ פריה די התחלות פון אן ארבייטער־בעוועגונג.

שוין צווישען די יאָהרען 1800 און 1810 זיינען וויינינגסטענס 24 ארבייטער אָרגאניזאציעס געגרינדעט געוואָרען, און ניט נאָר האָבען די ארבייטער פריה אָנגעהויבען פראקטיקירען דעם עקאָ־נאָמישען קאמפף און בויען טרייד־יוניאָנס, נאָר אויך א פאָליטישע ארבייטער־בעוועגונג פלעגט פון צייט צו צייט ארויפשווימען. שוין דער פאקט אליין, וואָס די ארבייטער קאמפפען און ארבייטער אָר־גאניזאציעס זיינען אין דער פרייער רעפובליק געווען שטרענג פערבאָטען און שווער פערפאָלגט, האָט געטריבען די ארבייטער אויפ'ן וועג פון פאָליטישען קאמפף. דערצו האָבען סיי די נאציאָנאלע רעגיערונג, סיי די רעגירונגען פון די איינצעלנע שטאאטען מיט אלע מיטלען געזוכט צו פערפלאנצען אינדוסטריען אין לאנד און פלעגען אין גאנצען פערגעסען אָן די לעבענס און געזונד פון די ארבייטענדע מאסען.

נאָך דער גרויסער מלחמה פון 1812—1815 האָט דער קאָ־פיטאליזם זיך זעהר בדייטלעך פערקליבען און בעזעצט אין דער רעפובליק. פערשיעדענע נייע אינדוסטריעס זיינען אויפגעקומען און זיך אויפגעבויט אויף מאָדערנע קאפיטאליסטישע יסודות און

אין גרויס פאָרמאַט. און צוזאַמען מיט דעם וואַקסענדען קאַפּי־טאַליזם האָבען זיך פאַרקליבען און בעזעצט אויף זיינע אונפער־מיידליכע בעגלייטערם: עקספּלואַטאַציע פון קינדער און פרויען, לאַנגע ארבייטס־שטונדען, שווערע נויט, טיראַניי אין די פאַברי־קען, קריזיסען, ארבייטסלאָזיגקייט. דער ארבייטער־קלאַס איז גע־וואָרען גרעסער אין צאָהל און שטאַרקער אין גייסט און קלאַסען־בעוואוסטזיין.

און אָט אַזוי זעהען מיר ווי שוין פריה, אין יאָהר 1829, איז אין שטאַאַט ניו־יאָרק אָרגאַניזירט געוואָרען א פּאָליטישע ארביי־טער־פּאַרטיי ("Workingmen's Party") וואָס האָט ער־קלערט אין איהר פּראָגראַם, אַז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז „בעצם פאַלש אויפגעבויט", און וואָס האָט ארויסגעשטעלט א גאַנצע רייהע ניט נאָר פון פּאָליטישע, נאָר אויך פון סאָציאַלע רעפאָרמען. דער פּראָגראַם ענדיגט זיך מיט די ווערטער: „די פערגאַנגענע ערפאַהרונג האָט אונז געלערנט אַז מיר האָבען גאָר ניט צו דערוואַרטען פון די אריסטאָקראַטישע אָרדנונגען פון דער געזעלשאַפט, און אַז דער איינציגער וועג פאַר אונז איז צו שיקען מענשען פון אונזער אייגענעם שניט, אויב מיר קענען נאָר, צו דער געזעצגעבונג אין אָלבאַני". די יונגע פּאַרטיי האָט אָנגע־פיהרט א שטאַרקע פּאָליטישע אַגיטאַציע מיט דער הילף פון 40-50 ארבייטער־צייטונגען. אין איניגע שטעדט איז זי געווען זעהר שטאַרק. אָבער נאָך דעם אלעמען זיינען דאָס געווען נאָר מאָ־מענטאַנע אויסברוכען און אויפבליהונגען, מעהר פון א סטיכיש־צופעליגען און לאָקאַלען כאַראַקטער — אמת'ע קקיון דיונה'ס, וואָס פלעגען אין איין נאַכט אויפבליהען און אין א צווייטער אונ־טערגעהן.

אין דערזעלבער צייט האָבען אַנדערע כחות געארבייט אין א גאַנץ אַנדער ריכטונג. די פּעריאָדישע קריזיסען און ארבייטסלאָ־זיגקייט, וואָס טרעטען ניט אָפּ פון קאַפּיטאַליזם, האָבען אין אמע־ריקאַ געטריבען די ארבייטער־מאַסען ניט צו פּאָליטישער און סאָ־ציאַלער רעוואָלוציע, נאָר גאָר צו ווערען זעלבסטשטענדיגע גרונד־בעזיצער. דער גרויסער צוג נאָך דער וועסט האָט געעפענט א פרייען וועג פאַר א פיעל גרעסערע בעפעלקערונג ווי די, וועלכע

די דאמאלסדיגע אמעריקא, צוזאמען מיט דער אימיגראציע האָבען געקענט געבען. בעת אין 1820 איז דער ארבייטס־לוין געפאלען אין פילאדעלפיא ביז 20 סענט א טאָג מיט עסען און 1500 מאן זיינען ארום אָהן ארבייט, האָבען זיי געהאט פאר זיך אן אָפענעם וועג צו דער פרייער וועסט. און באמת האָט טאקי פּאַסירט אז טויזענדער און איבערטויזענדער ארבייטער האָבען סיסטעמאטיש גענומען אריבערקלייבען זיך אלץ ווייטער פון מזרח קיין אָהייא, אין דער וועסט, אויף אלע זייטען, וואו ערד איז געווען גענוג און פריי און וואו לעבענס־מיטלען זיינען געווען אזוי ביליג. זיי האָבען ניט נאָר זייער לאגע אויף אזא אופן פערבעסערט; זיי האָבען זייער קלאַס אין גאנצען פערלאָזען. דאָס האָט זיך געמוזט מיט דער צייט שטארק אָברופען אויך אויף דער פערבעסערונג פון דער לאגע פון די איבערגעבליבענע ארבייטער.

צוזאמען מיט די עקאָנאָמיש־סאָציאלע פאקטאָרען האָבען אויך אנדערע פאקטאָרען, פּאָליטיש־יורידישע און פסיכאָלגישע, געווירקט אָבצושוואכען דעם פּראָלעטארישען קלאסענבעוואוסטזיין, צוריקצוהאלטען די רעוואָלוציאָנער־סאָציאליסטישע ענטוויקלונג פון די אמעריקאנער ארבייטער. דאָס איז געווען דער בעזיץ פון פיעלע פּאָליטישע רעכט, דער גלויבען אין דער רעפּובליק, דאָס פעהלען פון געערבטע טיטולען און געבורט־פּריווילעגיעס, די דעמאָקראטישע פאָרמען פון לעבען. די ערשטע יאָהרצעהנדליגע אין דער ארבייטער־בעוועגונג פון אייראָפּא זיינען אויסגעפילט געוואָרען הויפּטזעכליך מיט'ן צושטערען די מיטעלאלטערליכע פּריווילעגיעס און מיט א קאמפּף פאר פּאָליטישע וואהל־רעכט. אָט דער פּאָליטישער קאמפּף האָט צוגעגעבען א שטארקען רעוואָלוציאָנערען כאַראקטער צו דער מאָדערנער ארבייטער בעוועגונג אין דער צייט פון איהר געבורט. אין דער יונגער רעפּובליק אָבער איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאר דעם סאָרט־קאמפּף. זאָגאר די פּאָליטישע הערשאפט פון קאפּיטאליסטען קלאַס איז ניט געווען אזוי בולט, און איז געווען שטארק פערשלייערט. דער פּראָלעטאריאט פון זיין זייט איז געווען צו יונג און האָט געהאט צו וויניג געלעגענהייטען שוין דעמאָלט די הערשאפט צו לערנען און צו פערשטעהן. ער האָט נאָך יאָהרצעהנדליגע געלעבט און זיך געקוויקט מיט דער אילוזיע

אז עס זיינען ניטאָ און עס זיינען ניט מעגליך קיין פּריווילעגירטע קלאַסען און קיין קלאַסענהערשאַפט אין אַ דעמאָקראַטישער רע־פּובליק.

דאָך, אויב צוליעב די דערמאָנטע אורזאַכען האָט געמוזט נעהמען יאהרצעהנדליגע ביז דער אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט איז געוואָרען מסוגל צו שאַפען אַן אייגענע סאָציאַליסטישע בעוועגונג, איז אָבער דער אַמעריקאַנער באָדען — טאַקע צוליעב דיזעלבע אורזאַכען — געוואָרען ווי צוגעפּאַסט פאַר אַלערליי קאָמוניסטישע עקספּערימענטען. אָט טאַקע די גרויסע שטרעקעס פרייע לאַנד, אָט טאַקי דיזער גרויסער מהלך פון דער ציוויליזאַציע און שטאָדט, אָט טאַקע דער ריח פון דער רייכער נאַטור, אָט טאַקי די פּאָליטיש־רעליגיעזע פרייהייט, — זיי אַלע האָבען געהאַט אַ גוואַלטיגען כח־המושך פאַר יעדען איינעם, וואָס האָט געוואָלט פיהרען אַ נייעם לעבען אויף נייע יסודות, און אָט אַזוי זעהען מיר ווי גאַנץ פריה האָט זיך דאָ אָנגעהויבען די לאַנגע רייה פון עקספּערימענטען מיט קאָמוניסטישע קאָלאָניעס.

„ווי פיעל פּראָבעס עס זיינען געמאַכט געוואָרען מיט'ן קאָ־לעקטיוויזם אין אַמעריקאַ פאַר דער גאַנצער צייט (ס'הייסט פון יאָהר 1607, ווען עס איז בעשאַפען געוואָרען די ערשטע קאָמוניס־טישע קאָלאָניע אין דזשיימסטאַון, ווירדזשיניאַ) קאָן מען אויף ריכטיג ניט זאָגען“ — שרייבט ה' אַלעקסאַנדראָוו. הילקוויט גיט אָן די צאָהל פון עטליכע הונדערט און אויף דאָס נאָר פון איין 19־טען יאהרהונדערט. פּראָפעסאָר בוש מאַכט אַ חשבון בלויז פון 108 בסך הכל. איינס איז אָבער זיכער, אַז אין די אַלע פּראָ־בעס האָבען זיך בעטייליגט אַ גוטע צוויי־דריי הונדערט טויזענד פּערזאָן, על פּי רוב הייסע און איבערגעבענע אָנהייגער פון דעם קאָלעקטיוויסטישען פּרינציפּ“.

די קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ ווערען צוטיילט אין צוויי גרויסע גרופּעס, די עלטסטע און די גרעסטע גרופּע בע־שטעהט פון רעליגיעז־סעקטאַנטישע קאָמוניסטישע פּראָבעס. די גרינדער און נאָכפאָלגער ברענגט דאָ צונויף אַ געוויסע רעליגיעזע שיטה. דער קאָמוניזם איז ביי זיי נאָר אַ מעהר אָדער וויינעגער צופעליגע בעדערפעניש, אַן אויספלוס פון זייער סעקטאַנטישען

צוזאַמענבונד צווישען זיך און פון זייער אָבגעזונדערטקייט פון דער איבריגער וועלט. מכח דער וועלט און דער מענשהייט קימערען זיי זיך גאָר ניט אָדער גאָר ווייניג. זיי ווילען נאָר זייערע אייגענע נשמות ראַטעווען. די סעקטאַנטען־קאָלאָניעס האָבען געהאַט אַ פיעל ברייטערע פערשפּרייטונג און אַ לענגערן קיום ווי די צווייטע גרופּע פון וועלטליכע סאָציאַליסטישע און קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס.

אָט די צווייטע גרופּע אינטערעסירט אונז אַם מייסטען, ווייל דאָס זיינען אַלץ פּראַקטישע פּראָבעס דורכצופיהרען אין לעבען די אַלע סאָציאַליסטישע טעאָריעס און אוטאָפּיעס וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אין אייראָפּאַ און וואָס האָבען אונז בעשעפטיגט אין די פריהערדיגע לעקציעס. די געמיינזאַמע שטריכען וואָס פעראייניגען די אַלע וועלטליכע קאָמוניסטישע עקספּערימענטען בעשטעהען אין דעם, וואָס זייער צוועק איז אַ סאָציאַלער. זיי זיינען, אַזוי־צו־זאָגען די ערשטע פּראָבעס פון אַ נייער איינאָרדנונג פון דער געזעלשאַפט. אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע טעאָריע דיענט זיי אַלס יסוד. מיט אמונה־זאַכען האָבען זיי קיין שייכות ניט. געמיינזאַם איז אין זיי אויך דער טרויעריגער שיקזאַל. זיי אַלע האָבען געהאַט אַ שלעכטען מזל און קורצע יאָהרען.

די סאָציאַליסטישע קאָמונעס ווערען איינגעטיילט אין 4 גרופּען.

די עלטעסטע פון די גרופּען הייסט די אָ ו ע נ י ס ט י ש ע. ראָבערט אָוען אַליין האָט אין יאָהר 1825 אָבגעקויפט די קאָלאָניע „האַרמאָני“ פון די ראַפּיסטען, און איהר משנה השם געווען אויף „ניו האַרמאָני“. 900 פּערזאָן האָבען זיך אָבגערופען אויף זיין רוף נאָך קאָלאָניסטען. דאָס איז געווען אַ צופעליגער ערב־רב. נאָר אַ טייל זיינען געווען באמת זיינע אָנהענגער, עהרליך, ערנסט מיט ריינע אבזיכטען. פיעלע האָבען געוואָלט אַ לייכט לעבען און לייכט עשירות מאַכען. אַנדערע האָבען געקוקט אויף דעם ווי אויף אַן אַוואַנטיורע. קיין וואונדער ניט וואָס די קאָלאָניע האָט קיין קיום ניט געהאַט. אין נאָוועמבער 1826 איז שוין די זיבעטע קאָנסטיטוציע געווען אָנגענומען אין דער קאָלאָניע. די פערוואַלטונג איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען צו אָוען'ען אַליין מיט 4

מיטהעלפער. אָבער די צושטאַנדען זיינען שוין געווען אַזוי שלעכט, די דעמאָראַליזאַציע אַזוי גרויס, אַז העלפען האָט שוין אָוען אויך ניט געקענט. צו שפּעט האָט מען זיך געכאַפּט אַז מען דאַרף ניט אַלעמען אַריינגעהמען, נאָר אַ געוויסע אויסוואַהל מאַכען מיט גרויס פאָרזיכט. ווי אַ קאָרטענהייזעל איז דער ערשטער קאָמוניסטישער בנין צופאַלען. אויסער דער „נייער האַרמאָניע" זיינען אויסגעפּונען געוואָרען סמנים פון נאָך 12 אָועניסטישע קאָלאָניעס. זיי אַלע זיינען פערשוואונדען אַרום דעם יאָהר 1820, נאָך דער האָפּנונגספּולער התחלה.

די צווייטע גרופּע — פון פוריערסטישע קאָלאָניסטען — איז געווען גרעסער אין צאָהל און בעדייטונג ווי די אָועניסטישע קאָלאָניעס. געגרינדעט געוואָרען זיינען זיי פון אַמעריקאַנער אַנהייגער פון פוריעס לעהרען. די צאָהל פון אַזוינע עקספּערימענטען איז געווען איבער 40. די בעוועגונג האָט אָנגעהאַלטען כמעט דעם גאַנצען יאָהרצעהנדליג, צווישען 1840 און 1850. פוריע אַליין, וואָס איז געשטאָרבען אין יאָהר 1837 האָט ניט זוכה געוועוען צו זעהן קיינע קיין איינציגען פון די עקספּערימענטען.

דער פוריעריזם איז אין אַמעריקאַ אימפּאָרטירט געוואָרען פון אַלבערט בריסביין (געב. 1809 — געשט. 1890), דעם פאָטער פון דעם פּאָפּולערען הויפּט־רעדאַקטאָר פון הוירסט'ס צייטונגען, אַליין אַ בעגאַבטען שריפטשטעלער. זיין בוך, „דער סאָציאַלער שיקזאַל פון מענשען" אין וועלכען פוריע'ס לעהרע איז דאַרגעשטעלט און הייס פערטיידיגט געוואָרען, האָט געמאַכט אַ רושם. באַלד האָט אַרום בריסביינען זיך פערזאַמעלט אַ ברייטער קרייז פון אינטעליגענטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען די גלענצענדסטע פערטרעטער פון דער ליטעראַרישער וועלט: גרילי, דער רעדאַקטאָר פון „טריביון", גאַדווין, רעדאַקטאָר פון „איוונינג פּאָסט", טשאַרלס דאַנאַ, רעדאַקטאָר פון „סאָן", קוירטיס, רעדאַקטאָר פון „האַרפּערס וויקלי", האָטהאָרן, דער בעריהמטער נאָוועליסט און אַ סך אַנדערע. זיי האָבען אָנגעפיהרט אַ מעכטיגע פּראָפּאַגאַנדאַ דורך וואָרט, שריפטען און אַלגעמיינע און ספּעציעלע צייטונגען. פוריעריסטישע געזעלשאַפטען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין פיעל שטעדט פון די פערשיעדענע שטאַאַטען און אין אַפּ־

ריל 1844 איז זאָגאר אָבגעהאַלטען געוואָרען א נאַציאָנאַלע קאָנ־פערענץ און א נאַציאָנאַלער פערבאנד איז געגרינדעט געוואָרען.

דאָך, די אמעריקאַנער פרויעריסטען האָבען זיך ניט בעגנוגט מיט פראָפּאגאנדא. זיי האָבען געפּרובירט פערווירקליכען די אי־דעען פון זייער לעהרע און זיך גענומען אָרגאַניזירען פאַלאַנקסען־געמיינדען לויט פוריע'ס פּלאַן. זיי האָבען אָבער באַלד ביים אָנ־פאנג דעם גאַנצען מאַסשטאַב געענדערט. אנשטאט גוט בעזאָרג־טע, מיט קאַפּיטאַל און מענשען, גרויסע געמיינדען פון 1800־2000 מענשען, וואָס זאָלען קענען פיהרען אַלערליי צווייגען פון פּראָ־דוקציע און אַליין בעפריעדיגען אַלע בעדירפנישען, האָבען זיי עקס־פערימענטירט מיט קליינע אָרימע קאָלאָניעס. זיי האָבען ניט געהאַט די כחות פאַר גרעסערע אונטערנעהמונגען און ניט די גע־דולד צו ווארטען. דער ענטוזיאַזם האָט פיעל מענשען געטריבען צו די עקספערימענטען האַסטיג, ניט פאַרבערייטערהייט. קיין וואונדער ניט וואָס זיי אַלע זיינען געוואָרען איין לאַנגע סדרה פון מאָראַלישע און פינאַנציעלע באַנקראָטען. נאָר 3 פון די איבער 40 פאַלאַנקסען האָבען בעקומען וועלכע עס איז בעריימונג און אָנגעהאַלטען עטליכע יאָהר. די נאָרט־אמעריקא פאַלאַנקס אין ניו־דזשוירזי, וואָס איז בעשטאַנען פון אינטעליגענטען און האָט אָנגעהאַלטען 12 יאָהר; די ברוק פאַרם פאַלאַנקס, 9 מייל פון באָסטאָן — די גלענצענדסטע קאָלאָניע פון די גרעסטע גייסטער פון פוריעריזם, און די וויסקאָנסינער פאַלאַנקס, וואָס האָבען גע־לעבט 5־6 יאָהר.

די דריטע גרופּע פון קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, די א י ק א ר־י א נ י ש ע — אויפגעבויט לויט דער אוטאָפּיע פון עטיען קאבע — געהערען איינענטליך צו א שפּעטערדיגען פּעריאָד. ערשט אָנ־פאַנג 1848 איז קאבע'ס אוואַנגאַרד אָבגעפאָהרען קיין אמעריקא און ערשט ענדע 1848 זיינען די 485 איקאַריאַנער מיט קאבע אַליין אָבגעפאָהרען זיך צו בעזעצען אויף דעם נייעם גן־עדן התחתון. פון דאַמאָלט אָן איז אין פערלויף פון א האַלבען יאָהרהונדערט די בע־וועגונג אויפצובויען „א נייע איקאַריען" ניט אָבגעשטאָרבען, כאָטש זי האָט געהאַלטען אין איין דורכמאַכען קריזיסען, שפּאַלטונגען, צואַפּעלונגען און ארומוואַנדערונגען פון שטאָדט צו שטאָדט. עס

איז געווען אַ מין פעניקס, וואָס פלעגט אויפלעבען פון אייגענער אַש. די בעסטע יאָהרען פאַר „איקאַריען“ זיינען געווען די פופ־ציגער יאָהרען אין נאַווא, אין שטאַט אילינאָי. דאָך די גאַנצע צייט איז עס געווען אַ בעוועגונג, וואָס האָט געלעבט צווישען אַ ענגען קרייז פון פראַנצויזישע אימיגראַנטען און האָט קיין שום איינפלוס ניט געהאַט אויף די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע בע־וועגונג.

די פערטע גרופּע געהערט שוין גאָר צו דער נייעסטער צייט. דאָ געפינען זיך עטליכע און צוואַנציג קאָלאָניעס וואָס זיינען אויסגעוואַקסען פאַר די לעצטע 25 יאָהר און וואָס זייער כאַראַק־טער איז ענטוועדער אַ ריין קאָאָפּעראַטיווער אָדער איז דורכגע־דרונגען מיט אַ שטאַרקען סאָציאַליסטישען גייסט. אַ טייל איז שוין אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען און פון די איבעריגע קען כמעט קיין איינע זיך ניט בעריהמען מיט אַ געזיכערטער עקזיסטענץ.

---

מיר זיינען דערגאַנגען אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג ביז צום מיטען פון 19טען יאָהרהונדערט. דער גרויסער רעוואָלוציאָנס־יאָהר 1848 האָט אַ רויטען שטריך דורכגעצויגען דורך די אַלע פאָלקס־בעוועגונגען אין אייראָפּאַ. נאָך דעם יאָהר 1848 האָט אייראָפּאַ סאָציאַל־פּאָליטיש אַ גאַנץ אַנ־דערש אויסזעהן בעקומען; די מאַכט־פערטיילונג צווישען די פער־שיעדענע קלאַסען איז געוואָרען אַ גאַנץ אַנדערע. דאָס האָט זיך גע־מוזט אָבּרופען אויף אויפ׳ן פּראָלעטאַריאַט און זיין בעפרייאונגס־בעוועגונג. פאַר איהם איז צוגעקומען נאָך איין זאַך, וועמעס בע־דייטונג אויף די ווייטערדיגע שיקזאַלען פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג איז געווען נאָך פיעל גרעסער און וויכטיגער. מיר מיי־נען דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ מיט זיין גאַנץ נייער סאָ־ציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג. די נעכסטע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג הויבט זיך אָן מיט׳ן „קאָמוניסטישען מאַניפעסט“ און ענדיגט זיך מיט דעם אונ־טערגאַנג פון ערשטען „אינטערנאַציאָנאַל“. איהר שילדערונג איז די אויפגאַבּע פון צווייטען טייל פון דעם ווערק.

